# פאוסט

א טראַגעדיע אין צוויי טייל

— פון —

## י. וו. פאָן געטהע.

איבערזעצט פון דייטשען אָריגינאַל, מיט קאָמענטאַרען
פון די גרעסטע געטהע־פאָרשער

פון ל. קופּערמאַן.

---

## ערשטער טייל

---

מאָלערמאַן׳ס ליטעראַרישע פּאָבלישינג קאָמפּאַני
נויאָרק — פילאַדעלפיא
1920

# פאָררעדע.

עטליכע יאָהר האָב איך מיך ארומגעטראָגען מיט דעם געדאנק צו איבערזעצען „פאוסט“ אין אידיש. אָבער די פראגע: „דארף מען דאָס טהון?“ האָט מיך נישט געלאָזט רוהען. ענדליך האָב איך באשלאָסען אז יאָ. נישט נאָר ד א ר ף מען איבערזעצען „פאוסט“ אין אידיש נאָר עס איז א מ ו ז. ערשטענס, ווערט אזא ווערק אריינבערענגען פריש „בלוט“ אין אונזער האלב־פארשמאכ־טער ליטעראטור; צווייטענס, נייע געדאנקען און פאָרמען; דריי־טענס, און דאָס איז די הויפטזאך, דער אידישער לעזער ווערט האָ־בען די מעגליכקייט, אויף וויפיעל נישט איז, זיך צו באקענען מיט איינעם פון די געניאלסטע ווערק וואָס איז ווען עס איז געשאפען געוואָרען אין דער וועלט ליטעראטור.

און אָט ליגט די ארבייט פארטיג.

אָבער, איין גאָט אין הימעל ווייסט, מיט וואָס פאר א שרעק, מיט וואָס פאר א הארצקלאפעניש איך האָב זיך צו דער ארבייט גענומען. ווען איך האָב דערזעהען וואָס פאר א געוואגטע, האלז־ברעכערישע ארבייט איך געה טהאָן, מוז איך מודה זיין, אז מיר איז דאָס הארץ פון פחד איינגעפאלען. מיר איז פון דעם אונענדלי־כען „פאוסט־לאבירינט“ אין קאָפ שווינדליג געוואָרן. נישט איינמאָל האָב איך געפיהלט אז מיר שפאלט זיך דער מח, נישט קענענדיג געפינען א פאסענדען אידישען אויסדרוק, אום נישט צו פארלעצען א געדאנק וועלכער איז אין אָריגינאל אזוי צויבערליך צונויפגעפלאָכטען, כמעט ווי צונויפגעוואקסען, מיט דער געטלי־ריטמישער שפראך. מעהרערע מאָל בין איך פון א סצענע אליין אזוי הינגעריסען געוואָרן אז איך האָב כמעט נישט געוואגט זי צו איבערזעצען, און איך האָב זיך מיט אמאָל געפיהלט אזוי קליין,

אזוי אונבאדייטענד, און אונזער שפראך אזוי בידנע ארעם, אז איך האב אנגעהויבען פארצווייפלען.

מאנכע אונערפאהרענע וועלען דענקען אז דורך דער נאהנט־קייט פון דייטש צו אידיש, איז פון דייטש לייכט צו איבערזעצען, אבער עס איז א גרויסער טעות: דייטש איז פאר דעם אידישען אי־בערזעצער דער גליטשיגסטער וועג, און טאקע מחמת דער דאזיגער נאהנטקייט, איז איהם זעהר אפט שוועהר צו אונטערשיידען וואו עס ענדיגט זיך די דייטשע שפראך און וואו עס הייבט זיך אן די אי־דישע. איבערהויפט ווען דער איבערזעצער פרובירט מיט אלע כחות צו באהאלטען די אריגינעלע אטמאספערע. און ווי שווער עס איז אין אידיש אויפצוהאלטען די אטמאספערע פון א פאוסט!

מאנכע וועלען מיר פארוואַרפען, ווארום איך האב געברויכט פרעמדווערטער. איז ערשטענס, ווערט דאס געטהאן אין אלע שפראכען. צווייטענס, האב איך דאס געמוזט טהאן, פשוט דערפאר ווייל אונז פעהלען ווערטער, דריטענס, איז דאס איבערזעצען פון מייסטערווערקע, וואו מען איז געצוואונגען צו געברויכען פרעמדווערטער, דאס איינציגע מיטעל צו באריכערן א שפראך. און וועלכע נאך שפראך נעטהיגט זיך אזוי אין ווערטער ווי אונ־זערע?

אויך וויל איך דעם לעזער אויפמערקזאם מאכען אויף די ער־קלעהרונגען, וועלכע געפינען זיך ביי דער ענדע פון יעדען באנד. איך האף אז זיי וועלען דעם לעזער אין זיין שטודירען „פאוסט" גאנץ גוט צוניץ קומען.

אויך וויל איך באמערקען, אז מאנכע טהיילען פון דער „איינ־לייטונג" זענען ענטנומען פון פראפעסאר קאלווין טהאמאס'עס אויסגעצייכענטע איינלייטונג צו דער אמעריקאנישער „פאוסט" אויסגאבע.

ל. קופערמאן.

ניו יארק, אקטאבער 1911.

# יאָהאַן וואָלפגאַנג פאָן געטהע.

## א קורצע ביאָגראַפישע סקיצע.

יאָהאַן וואָלפגאַנג פאָן געטהע איז געבוירען געוואָרן דעם 28טען אוגוסט, 1749, אין פראנקפורט. זיינע עלטערן האָבען גע־האָט בלויז צוויי קינדער, וואָלפגאַנג און א מיידעל קאָרנעליא, וועל־כע איז ביז צו איהר טויט, געווען וואָלפגאַנג׳ס אינטימסטע פריינ־דין. זי איז געשטאָרבען אין אַלטער פון 27 יאָהר. קיין געשולטע בילדונג, אין ריינעם זינן פון וואָרט האָט וואָלפגאַנג נישט געקראָ־גען, אָבער די אַטמאָספערע אין וועלכער ער האָט זיך פון קינד־ווייז אָן באוועגט האָט איהם וואהרשיינליך געגעבען די בעסטע ער־ציהונג. פון זיין פריהסטער יוגענד אָן איז וואָלפגאַנג שוין גע־וואוינט געווען צו דער העכסטער געזעלשאפט, ווייל זיין פאָטער האָט געהאט א קייזערליכע שטעלע. זיין פאָטער איז געווען א מענש מיט א זעלטען שטארקען כאראקטער און זעהר געהאלטען פון פאָרמאליטעט. זיין מוטער ווידער האָט געהאט א לעבעדיגען טעמפעראמענט און נישט פיעל וועניגער געניאַל געווען ווי איהר זוהן.

וואָלפגאַנג, באלאנגענדיג צו אזא געזעלשאפט, האָט נאטיר־ליך געמוזט ערצויגען ווערן, מיט דעם פארלאנג צו ווערן א דאָק־טאָר יורי (דאָקטאָר אין געזעץ) זיך אומקעהרען אהיים און פאר־נעמען א גרויסע רעגיערונגס שטעלע. זיין פאָטער האָט אויך ליעב געהאט קונסט און דייטשע פּאָעזי, וואָס איז דעמאָלט געווען אין דער מאָדע. אין צייט פון דעם זיעבען־יעהריגען קריעג, ווען פראנ־צויזען האָבען בעלאגערט פראנקפורט, האָט זיך וואָלפגאַנג באקענט מיט א פראנצויזישען אָפיציער, וועלכער האָט אויף איהם געהאט

א גרויסען איינפלוס. דורך איהם האָט ער זיך אויך באקענט מיט פראנצויזישע אקטיאָרען, און איהם איז די פראנצויזישע שפראך אזוי געפעלען געוואָרן, אז ער פלעגט דעקלאמירען שטיקערווייז פון די ווערק פון דעם באריהמטען פראנצויזישען קלאסיקער ראסין, נישט פארשטעהענדיג א וואָרט. אין א קורצער צייט אָבער, האָט ער אזוי גוט באהערשט די שפראך אז ער האָט געשריעבען ליעדער און פראָזא אין פראנצויזיש.

פון זיין פאָטער האָט וואָלפגאנג גע׳ירש׳נט די ליעבע צו קונסט און א פעסטען ענטשלאָסענעם כאראקטער; פון דער מוטער, די פרעהליכע נאטור און ליעבליכע סימפאטהיע, די פליסיגקייט פון דער שפראך און דערצעהלערישע געוואנדקייט, אָהן וועלכער ער וואָלט קיין פּאָעט נישט געקענט זיין. ביז 16 יאָהר האָט ער אלצדינג געזעהן און מיטגעמאכט אין זיין געבורטס־שטאָדט, וועלכע איז הויפּטזעכליך גינסטיג געווען פאר דער ענטוויקלונג פון א רייכען אינדיווידועלען כאראקטער.

ווי יעדער דיכטער, האָט זיך געטהע פערליעבט אין א מיידעל; גרעטכען האָט זי געהייסען, און איז געווען א וויינשענקער׳ס א טאָכטער. ער האָט זי פארגעטערט מיט דער אונשולדיגער פארגעטערונג פון א נאאיווען 15־יעהריגען אינגעל, זי אָבער, זייענדיג עלטער פון איהם, האָט איהם באהאנדעלט ווי א קינד.

צו 16 יאָהר איז „וואָלפגאנג אוועקגעפאָהרען קיין לייפּציג, וואו ער איז אנגעקומען אין דער אוניווערזיטעט, אין וועלכער דער באריהמטער פּראָפעסאָר בעהמע האָט געלערנט געשיכטע און קייזעריך געזעץ. וואָלפגאנג האָט אָבער צו געזעץ קיין חשק נישט געהאט, און ער האָט דערצעהלט בעהמע׳ן אז ער וויל זיך ווידמען דער שעהנער ליטעראטור. בעהמע האָט מיט אלע כחות פּרוביערט איהם דערפון אָבצורעדען, ביז די געשיכטע איז דעם פייערדיגען וואָלפגאנג נמאס געוואָרן און ער האָט זיך גאָר אריינגעוואָרפען אין די פארגעניגענס פון דער לייפּציגער געזעלשאפט, וועלכע איז זעלבסטפערשטענדליך, נישט געווען קיין פארשלאָפענע. ער האָט יא באזוכט מאנכע לעקציעס וועגען ליטעראטור, אָבער זיי זענען איהם

נישט געפעלן געוואָרן. צווישען זיינע פריינד האָט וואָלפּאַנגג געהאַט הויך געלעהרטע מענער, וועלכע האָבען אויף איהם געהאַט א גרויסע ווירקונג, אָבער דעם שטאַרקסטען אויף לעבענסלענגליך אונפאַרגעסליכען איינדרוק האָט אויף איהם געמאַכט אַדאַם פרע־דעריק עזער, דער דאַמאָלסדיגער דירעקטאָר פון דער לייפּציגער קונסט אַקאַדעמי, ביי וועמען געטהע האָט געלערנט צייכענען. „זיינע לעקציעס", שרייבט געטהע, „וועלען האָבען זייער ווירקונג אויף מיין גאַנצען לעבען. ער האָט מיך געלערנט, אז דער אידעאַל פון שעהנקייט איז איינפאַכקייט און רוה".

אזוי ווי זיין הארץ האָט שטענדיג געלעכצט נאָך ליעבע, האָט דעם שעהנעם ליעבענסווירדיגען בחור'ל לאַנג נישט גענומען, און ער האָט אין לייפּציג געקראָגען א געליעבטע, קיטטי שעהנקאָפּף, די טאָכטער פון דעם פּאַר־פאָלק וואו ער האָט געגעסען. זי פלעגט זיך מיט איהם אָפט רייצען, און דאָס האָט איהם געמאַכט אנשריי־בען זיין ערשטע דראַמא „די לוינען פון דעם פארליעבטען". איבריגענס, נישט קיין וויכטיג שטיקעל ארבייט. דער איינציגער אינטע־רעס אין דער דראַמא איז וואָס דאָס איז א טהייל פון זיין לעבען. אן אנדער דראַמא „די מיטשולדיגע", וועלכע ער האָט שפּעטער מיט א קורצער צייט אָנגעשריעבען, איז אביסעל טיעפער, אָבער אויך נישט פון קיין גרויסען ווערטה. די לעצטע דראַמא איז גע־דרוקט געוואָרן אין 1787. אין דער זעלבער צייט האָט ער אָנגע־שריעבען א 20 ליעדער וועלכע האָבען געטראָגען אן עראָטישען כאַראַקטער געזעצט אויף מוזיק פון זיין פריינד ברייטקאָפּף. קיין הויך ליטעראַרישען ווערטה האָבען די ליעדער נישט, זיי צייכנען זיך אָבער אויס מיט זייער מוזיקאַלישער שפּראַך און עלעגאַנץ אין סטיל. בלויז אייניגע פון זיי זענען אריין אין זיין שפּעטערדיגער ליעדער זאַמלונג.

אין אלע זיינע ביטערע ערפאַהרונגען וועגען דער אנגענומע־נער לעהרע וועגען קונסט און פּאָעזי, וועלכע ער האָט נישט ליעב געהאַט, האָט וואָלפגאַנג דאָך פאַרשטאַנען דעם ווערטה און אב־שעצונג פון דער קלאַסישער קונסט און ליטעראַטור. אין דעם זענען

שולדיג זיינע לעהרערס, דער גענ־יאַלער לעססינג און ווינקעלמאַן, און דאָס איז דאָס בעסטע וואָס געטהע האָט פון לייפּציג אהיימ־געבראַכט קיין פראַנקפורט, וואו ער האָט זיך צוריקגעקעהרט נאָך א שווערער קראנקהייט, שוועבענדיג צווישען לעבען און טויט.

19 יאָהר איז געטהע אַלט געווען, ווען ער האָט זיך צוריק־געקעהרט אין זיין געבורטס־שטאָדט, וואו ער איז געבליבען א יאָהר און א האלב. דאָס איז וואהרשיינליך געווען די אינטערעסאנ־טעסטע צייט פון זיין לעבען. אָבוואָהל ער איז קראנק געווען און די גענעזונג איז געקומען לאנגזאם, און כאָטש ער האָט די פראנק־פורטער געזעלשאפט וועלכע איז מיט איהר שטייפקייט און פוסטער נאוה, געווען א געוואַלטיגער קאָנטראַסט צו דער פרישער, לוסטי־גער, איינפּעלטיגער, אינטעליגענטער לייפּציגער געזעלשאַפט. ער האָט ווענינ געשריעבען, געשטערט פון זיין פאָטער'ס אונצופריע־דענקייט מיט זיין קאַריערע, אָבער ער האָט צייט געהאַט פיעל נאָכצודענקען. ער האָט זיך אויך באַקענט מיט פרייליין פאָן קלעט־טענבערג וועלכע האָט איהם פאראינטערעסירט אין שטודיערען געוויסע הייליגע שריפטען און אלכעמי, וואָס האָט איהם גלייך פאָרבארייטעט פאר זיין אויפפאסונג פון „פאוסט“, און אין זיינע שטודיען פון שפּעטערע יאָהרען.

אין 1770 איז ער אנגעקומען אין שטראַסבורג, וואו ער איז געבליבען ביז ער איז 22 יאָהר אַלט געוואָרן. די 16 מאָנאטען וואָס ער האָט פארבראכט אין שטראַסבורג זיינען כמעט די וויכ־טיגסטע צייט וואָס האָט איהם פאָרבארייטעט פאר דעם שפּעטער־דיגען געטהע, דעם גרויסען זשעני דייטשלאנדס.

אין דער צייט איז ער מייסטענס געווען ארומגערינגעלט פון מעדיצינישע סטודענטען, און ער האָט פלייסיג שטודיערט נאטור־וויסענשאפט, אנאטאמי און כעמי, ער האָט אָבער אויך נישט פארגעסען אין זיין ליעבלינג־שטודיום, אלכעמי. אָט די צייט האָט דאָס געשאפען די אימפּולסען, וועלכע האָבען זיך שפּעטער אזוי קרעפטיג ארויסגעוויזען אין זיין געניאַלער ענטוויקלונג.

א קורצע צייט איז ער געווען צוריקגעצויגען פון דער געזעל־

שאפט, אָבער זיין לײַדענשאַפטליכע לעבענסלוסטיגע נאַטור האָט דאָס לאַנג נישט אויסגעהאַלטען. ער האָט געשריבען פראַנצויזישע לידער און פּראָזע, זיך געלערנט טאַנצען, שפּילען אויף דער טשעלאָ, און אַנדערע זאַכען וואָס פּאַסען פאַר אַזאַ יונגען מאַן. אין דער זעלבער צייט האָט ער געקראָגען צוויי פריינד: יונג סטיללינג, (וועלכער, פאַרבייגעהענדיג, האָט געשילדערט געטהע'ס אויסזעהן: אַ זעלטען שעהנע ערשיינונג, אַ הויכער דענקענדער שטערן, בליצענדיגע שוואַרצע אויגען, זיין באַצויבערן די געזעלשאַפט, אָפענהערציגער כאַראַקטער און זעלטענע פרייגיעביגקייט), און לערסע, וועמענס נאָמען געטהע האָט פאַרעביגט אין „געטץ פון בערליכינגען". ער האָט זיך אויך אָבגעגעבען מיט שטודירען קונסט און פילאָזאָפי, אָבער דאָס הויפּטזעכליך גוטע וואָס געטהע'ן האָט געטראָפען, איז געוועזען זיין באַקאַנטשאַפט מיט דעם שפּעטער געוואָרענעם קלאַסיקער, הערדער, וועלכער איז געוועזען בלויז פינף יאָהר עלטער פון איהם. הערדער האָט איהם געלערנט דעם אמת'ן ווערטה און אָבשאַצונג פון דער נאַטור, האָט איהם בעקאַנט געמאַכט מיט פאַרשיעדענע אַלטע פּאָעטען, איבערהויפּט מיט שעקספּיער. אַ נייע וועלט האָט געטהע דערזעהן, און דאָ זעהען מיר די וואונדערבאַרע שנעלע ענטוויקלונג פון געטהע'ס גייסט, וועלכער האָט אָנגעהויבען צייטיג ווערן פאַר „געטץ פון בערליכינגען", „פאַוסט" און „ווילהעלם מייסטער". ער האָט אויך, ווי געוועהנליך, נישט פאַרגעסען זיך צו פאַרליעבען אין אַ זעלטען שעהן מיידעל, וועלכע האָט געהייסען פרעדעריקע, און האָט געוואוינט מיט איהרע עלטערן אין אַ דאָרף נישט ווייט פון שטראַסבורג, וואו געטהע פלעגט זי זעהר אָפט באַזוכען. ער האָט געקראָגען דעם טיטעל „דאָקטאָר יורי", און ווי עס לאָזט זיך אויס פון אַלע אַזעלכע דערוויילינגע ליעבעס, האָט געטהע פאַרלאָזען שטראַסבורג, און אין דאָרף פרעדעריקע'ן מיט אַ צעבראָכען האַרץ. פרעדעריקע האָט קיינמאָל נישט חתונה געהאַט. „נאָך דעם ווי מען ליעבט געטהע'ן", האָט זי באַהויפּטעט, „קען מען קיין אַנדערן נישט ליעבען".

קומענדיג אַהיים האָט ער די דאָרטיגע געזעלשאַפט נאָך יוע־

ניגער געקענט דולדען. די איינציגע מיט וועלכע ער האָט פאַר־קעהרט זענען געווען די ברידער שלאָססער און זייער שוועסטער קאַראָלינא, וועלכע האָט אין איהר הויז פּאַרזאַמעלט אַן אויסגעצייכענטע געזעלשאַפט פון פרויען און מענער, אָבער די נשמה פון דער געזעלשאַפט איז געווען אַ דרייסיג יעהריגער יונגערמאַן, מערק, וועלכען געטהע שטעלט פאַר אין זיינע ערינערונגען, אַלס אַ גייסט וועלכער זאָגט שטענדיג נ יי ן, אַ מין מעפיסטאָפעלעס, און אַלס אַ קאַלטען ציניקער. געטהע האָט באַהערשט יעדען, אָבער דער דאָזיגער מערק האָט איהם באַהערשט. מערק האָט קיין שריפטען נישט איבערגעלאָזט, ער איז אָבער געווען איינער פון יענע מערקווירדיגע מענשען וועלכע דערוועקען און זעצען אַ זשעני אין באַוועגונג.

צו דער פעריאָדע באַלאַנגען מאַנכע ליעדער געטהע'ס, צווישען וועלכע דאָס וויכטיגסטע איז „דעם וואַנדרערער'ס שטורם־ליעד". אין דער צייט וואָס געטהע איז געבליבען אין פראַנקפורט, האָט ער זעהר פיעל געאַרבייט. ער האָט געהאַלטען פאַרטרעגע וועגען שעקספּיער, געשריעבען טהעאָלאָגישע אָבהאַנדלונגען, וועגען די עשרת הדברות און מעהרערע אַרטיקלען אין דעם „פראַנקפורט געלעהרט־אַנצייגער" געגרינדעט פון מערק. אָבער די גאַנצע קראַפט פון זיין זשעני האָט ער אַוועקגעגעבען צו דראַמאַטיזירען די געשיכטע פון דעם מיטעלאַלטערליכען ריטער גאָטפריעד אָדער געטץ פון בערליכינגען. אין זעקס וואָכען צייט האָט ער געמאַכט די ערשטע סקיצע פון „געטץ" זי געוויזען קאַראָלינא'ן און הערדער'ן, וועלכער האָט אַן געוואָוינט אין פראַנקפורט. די סקיצע איז הערדער'ן זעהר געפעלען געוואָרן. דאָס איז געווען כמעט ענדע 1771.

מיט דעם מאַנוסקריפּט פון דעם סקיצענהאַפטען „געטץ" אין קעשענע איז געטהע אין יאָהר 1772 אָנגעקומען אין וועטצלאַר, וואו עס האָבען זיך געפונען די קייזערליכע געריכטס הייזער. לויט דער מאָדע האָבען יונגע אַדוואָקאַטען פאַר אַ לענגערע צייט די געריכטס הייזער געמוזט באַזוכען איידער זיי האָבען געקענט ווערן זעלבסט־שטענדיג. די דאָזיגע יונגע חברה, צוזאַמען מיט די סטודענטען,

האָבען געהאט א פאראיין וואו מען פלעגט זיך צונויפקומען פאַר־ברענגען א לוסטיגע צייט. מיט דער צייט איז דער פעראיין גע־וואָרן „די ריטער פון רונדען טיש“ וואו יעדער פון די מיטגליע־דער האָט געטראָגען אן אנדער מיטעלאלטערליכען ריטערישען נאָ־מען. געטהע האָט געהייסען „געטץ“. און באנומען האָט מען זיך אמת ריטערליך, לויט די מנהגים פון מיטעלאלטער. געטהע האָט דאָ געהאט די געלעגענהייט צו שטודיערען און צו ענדיגען זיין „געטץ פון בערליכינגען“.

צו דער זעלבער צייט האָט ער אָנגעהויבען שרייבען זיין ראָמאן „ווערטהער“. די געשיכטע פון דעם ראָמאן האָט מעהר אָדער וועניגער פאסירט פאר געטהע'ס אויגען, און די צארטע, ליעב־ליכע יונגפרוי געשטאלט וואָס ער שילדערט אין „ווערטהער“ האָט ווירקליך עקזיסטירט און איז געוועז זיינע א פריינדין.

אין יאָהר 1774 איז ערשיענען דער דאָזיגער ראָמאן וועלכער האָט אויפגעשטורעמט גאנץ אייראפא. ער איז איבערזעצט געוואָרן אין אלע שפּראכען, אפילו אין כינעזיש. דער ראָמאנטיש פעסימיסטי־שער סענטימענטאליזם, געשילדערט מיט ד ע ר אויסערגעוועהנליכ־סטער קראפט, האָט ווי א פיעבער די יוגענד ארומגעכאפּט. טויי־כען טרערן זענען פארגאָסען געוואָרן, יונגע לייט האָבען זיך געקליי־דעט ווי ווערטהער: בלויע רעק און געלע הויזען, און פיעלע האָבען זיך דערשאָסען מיט „ווערטהער“ אין דער האנד. לאָטטע, די פרוי־ען העלדין פון דעם ראָמאן, האָט געטהע'ן צום לעצטען מאָל געזעהן ווען זי איז אלט געוועזן 63 יאָהר, זי האָט נאָך כמעט באזעסען דעם זעלבען צויבער, דעם זעלבען חן.

„געטץ“ און „ווערטהער“ זענען מיט א פארכאפּטען אָטהעם געלעזען געוואָרן אין גאנץ אייראָפּא, און זיי האָ־בען פעסטגעשטעלט געטהע'ס גרויסקייט. דאָס מערקווירדיגסטע דערביי איז, וואָס עס איז כמעט אונמעגליך זיך פאָר־צושטעלען אז איין מענש האָט דיביידע ווערק געשריבען. „ווער־טהער“ איז פול מיט סענטימענטאליזם, ענטטוישונג, פעסימיזמוס, וואָס מוז זיך ענדיגען מיט זעלבסטמאָרד, און „געטץ“ איז דער ער־

שטער אויפרוף צו דער ריטערליכער מאַנעסקראַפט פון דייטשען גייסט, וועלכער האָט אָבגעקלונגען ווי א מעכטיגער טראָמפּעטען שטוים און אָנגעהויבען וועקען די דייטשען, רופענדיג זיי צו העל־דישע טהאַטען. א חוץ די צוויי דראַמאַטישע ווערק האָט געטהע געשריבען פּראַכפאָלע ליעדער „צו לאָטטען". אין 1773, ווען „געטץ" האָט די וועלט דערזעהן, האָט זיך געטהע שטארק באשעפ־טיגט מיט אדוואָקאטור. דאָס יאָהר 1774 איז פאר געטהע'ן געווען זעהר א פרוכטבארס. ער האָט צווישען פיעל אנדערעס אָנגעשרי־בען א דראמא „קלאוויגאָ" וועלכע האָט געהאַט אן אונגעהייערען ערפאָלג, אָבער מערק האָט איהם געזאָגט ער זאָל מעהר אזעלכע זאכען נישט שרייבען, ווייל דאָס פּאסט פאר קלענערע טאַ־לענטען ווי זיינער. אין דער זעלבער צייט האָט ער אָנגעהויבען שרייבען „צעזאר", „פאוסט", „מאחאָמעד", „דער וואנדערנדער איד" און „פּראָמאָטעוס". א חוץ „פאוסט" און „פּראָמאָטעוס", וועלכע ער האָט געענדיגט, האָט ער אויך אָנגעשריעבען זיינע לי־רישע געדיכטע.

די דאָזיגע עפּאָכע באלאנגט אויך צו דעם טיעפען שטודירען „די עטהיקס" פון שפינאזא, וועמען ער האָט פארעהרט דאָס גאנצע לעבען לאנג, און וועלכער האָט איהם געוויזען די וועלט ווי ער האָט זי ביז דעמאָלט נישט געזעהן.

נאָך א לענגערע רייזע, וואו צווישען פיעלע אנדערע האָט ער זיך באקענט מיט דעם באריהמטען פיזיאָנאָמיסט לאוואטער, האָט ער זיך אין אנפאנג הערבסט, 1774, צוריקגעקעהרט קיין פראנק־פורט. דער אויסערגעוועהנליכער ערפאָלג פון „ווערטהער" האָט איהם געבראכט פיעלע נייע פריינד, צווישען וועלכע עס איז אויך געווען דער באריהמטער פּאָעט, דער קאָפּ פון דער דייטשער פּאָעזי, ק ל אָ פּ ש ט אָ ק, דער פערפאסער פון דער „מעססאיאדע".

געטהע האָט געקראָגען א נייע געליעבטע, לילי שעהענמאן, אונטער וועמענס איינפלוס ער איז געווען. זיין יעצטיגע צוגעבונ־דענקייט צו זיין געליעבטער האָט געשיינט צו זיין פיעל ערנסטער. געטהע איז גלייך אריינגעשלעפּט געוואָרן אין דעם געזעלשאפטלי־

כען דרעה־שטראם. ער ווערט געשילדערט „ארומגעהענדיג אין העל באלויכטענע זאלען, אין גאלד געשטיקטע קליידער, פון קאנצערטען צו בעלער, פון בעלער צו קאנצערטען, געפאנגען פון א שעהנקייט מיט א פאר קלוגע שעהנע אויגען". אונטער לילי'ס איינפלוס האט ער געשריבען מעהרערע פון זיינע שעהנע ליעדער, און צוויי קליינע וואדעווילען „ערווין און עלמירא" און „קלאודיגע פאן ווילא בעללא". צו דער זעלבער פעריאדע באלאנגט אויך „סטעללא", א קאמעדי פאר געליעבטע, א פיעסע פול מיט מאדערנע סצענען, ווילדען שפיעל און אויסערגעוועהנליכע ליידענשאפט. זיינע על־טערן זענען ענטשיעדען געווען געגען געטהע'ס צופיעל פריינד־שאפט מיט לילי'ן און געטהע האט זיך מיט געוואלד אוועקגעריסען פון איהר, אבפאהרענדיג פון זיין געבורטסשטאדט. אבער א שטארקער מאגנעט ברענגט איהם צוריק אהיים.

אין דער צייט האט ער איבערזעצט א טהייל פון שיר השירים. ער האט אנגעשריעבען עטליכע סצענען פון „פאוסט" — דער שפא־ציער אין גארטען, דער ערשטער געשפרעך, דער געשפרעך פון דעם שילער מיט מעפיסטאפעלעס און די סצענע „אורבאך'ס קע־לער". ער האט אויך אנגעהויבען שרייבען „עגמאנט", און האט זיך וויעדער אמאל געשיעדען פון לילי'ן אבער דאס מאל אויף תמיד.

א מערקווירדיגע צייט איז דאמאלסט געווען אין דייטשלאנד. מען קען די צייט אנרופען די רענעסאנס, די תחית המתים פון דער דייטשער ליטעראטור, פילאזאפי, קונסט און וויסענשאפט. אלע פירסטען און פרינצען האבען אונטערשטיצט און געבילדעט צענ־טערס פון ליטעראטור, קונסט, א.ז.וו. אין דער דאזיגער צייט, אין דער גלענצענדסטער געזעלשאפט, איז געטהע, אין דער פולער מאנעס־קראפט און באצויבערענדער שעהנקייט, ערשיענען ווי א וואונדער־באר־זעלטענער שטערן. מיט זיין אנקומען אין וויימאר, איז ער גלייך געווארן דער אינטימער פריינד פון דעם גרויספירסט. ער האט בא־זיעגט יעדען מיט וועמען ער איז זיך צוזאמענגעקומען. דער גרויס־פירסט האט איהם געגעבען א רעגיערונגס שטעלע וואס האט איהם איינגעטראגען 1600 מארק א יאהר, און דאס האט איהם פאר אי־

מער צוגעבונדען צו וויימאר. פארבייגעהענדיג וועלען מיר דא אויסרעכענען די רעגיערונגס שטעלען וואס געטהע האט געהאט: אין יאנואר 1779 איז ער געווען מיליטער־סעקרעטאר; אין סעפ־טעמבער פון זעלבען יאהר, איז ער געווארן געהיימער־ראטה; אין סעפטעמבער 1781 איז זיין געהאלט געהעכערט געווארן מיט 700 מארק; אין 1816 האט ער געקראגען 8,800 מארק א יאהר. אין 1782 האט איהם דער קייזער דער־הויבען צום אדעל און אין דעם זעלבען יאהר איז ער געווארן דער פרעזידענט פון דער דעפוטירטען־קאמער.

געטהע האט, ווי באוואוסט, געמוזט האבען א צארט פרויען הארץ וואס זאל איהם באגייסטערן. דאס מאל איז עס געוועזן, די הויף־דאמע שארלאטטע פאן שטיין, וועלכע האט אויף איהם גע־האט א באצויבערענדען איינפלוס, און ער האט זי איינפאך פאר־געטערט.

צו דער צייט האט געטהע געשאפען דאס טהעאטער אין וויי־מאר, וואס איז אין אנהויב געווען בלויז א מין צייטפערטרייב פאר דעם גרויספירסט'ס הויף. געטהע אליין, צוזאמען מיט אנדערע הויף־דאמען און הערען, פלעגען שפיעלען די ראלען. געטהע איז געוועזן זעהר גוט אין קאמישע און אין אלט־קלאסישע ראלען. נישט וויכטיגעס האט ער אין דער צייט געשריבען, אויסער דעם אנפאנג פון „איפיגעני“. „פראספערינא“ און „די געשוויסטער“ זענען מע־לאדראמאס; „יערי און בעטעלי“ און „די פישערין“ זענען קליי־נע אפעראס פארפאסט ספעציעל נאך דעם ווייטאר געשמאק. „שפאס, ליסט און ראכע“ איז א נאכאהמונג פון דעם אלטען אי־טאליענישען סטיל. אין 1777 האט ער געמאכט א רייזע אין די הארץ־בערג, אום צו מאכען די בעקאנטשאפט פון פלעססינג, א פסיכאפאט וועלכער האט זיך אליין געמארטערט, און געשריבען צו געטהע'ן פארלאנגענדיג א ראטה. מיט געטהע'ס הילף איז פלעס־סינג געזונד געווארן און זיין מעלאנכאלי איז פארשוואונדען גע־ווארן. אין 1779 האט געטהע פארבראכט צוויי גליקליכע טעג זיין פראנקפורט מיט זיינע עלטערן. אין שטראסבורג האט ער גע־

טראַפען לילי'ן גליקליך פארהייראטעט. דאן האָט ער באַרייזט כמעט גאַנץ שווייץ. דעם 14טען דעצעמבער האָט געטהע באַזוכט שטוטטגאַרט וואו ער האָט צום ערשטען מאָל באַגעגענט שיללער'ן. ער איז דאַן געווען אַ שילער פון דער אַקאַדעמי און ערהאַלטען דעם פרייז אין געטהע'ס געגענוואַרט.

א נייע עפּאָכע האָט אָנגעפאַנגען, אַן עפּאָכע פון רעפאָרמאַציאָן. אלס א צייכען האָט דער גרויספירסט אָבגעשניטען זיין צאָפּ וואָס איז ביז דאַן געווען אין דער מאָדע, און געטהע האָט זיך ערנסט גענומען צו דער ארבייט. צוערשט האָט ער אָנגעהויבען שרייבען געשיכטע, אָבער ער האָט גלייך איינגעזעהן אז זיין קראַפט ליגט אַנדערשוואו. ער האָט אָנגעהויבען שרייבען „טאַססאָ" אָבער זיין טיעפערעם דענקען האָט ער געווידמעט זיין „ווילהעלם מייסטער". געטהע האָט זעהר ליעב געהאַט קינדער, און זעהר אָפט פלעגען העררדער'ס און דעם דיכטער וויעלאַנד'ס קינדער קומען זיך שפּיעלען מיט געטהע'ן אין זיין גאָרטען הויז. אין 1783 איז צו איהם געקומען פריטץ, דער צעהן יעהריגער זוהן פון זיין געליעבטער מאַדאַם פאָן שטיין, און אין הערבסט האָבען זיי ביידע געמאַכט א רייזע אין די האַרצבערג. אין א י ל ע נ א ו האָט ער געשריבען א באַריהמט געדיכט וואָס טראָגט דעם זעלבען נאָמען, לכבוד דעם פירסט'ס געבורטסטאָג.

דאָס יאָהר 1786 איז עפּאָכע מאַכענד אין געטהע'ס לעבען. זיינע „לירישע ליעדער" זענען פון אַ זעלטענער שעהנקייט אָבער קורץ. מיט „פאוסט" און „עגמאָנד" האָט ער זיך וועניג באַשעפּטיגט. „איפיגעני" איז דאָס איינציגע פּאָעטישע ווערק, וואָס באַלאַנגט צו דער צייט. ווייטער האָט ער געשריבען פאַר דעם דילעטאַנטען טהעאַטער פון דעם ווייַמאַר־הויף. ער האָט אָבער אָנגעהויבען זאַמלען און איבערקוקען זיינע ווערק און ליעדער, און פיער בענדער זענען באַלד ערשיענען. די ארבייט פאַר אַנדערע פיער בענדער איז געווען זעהר אַ שווערע און אַן אונצופריעדענקייט מיט זיך אליין איז איינגעטראָטען. אַן אַנדער אורזאַך פאַר אונ־

צופריעדענקייט איז געווען זיינע באציהונגען מיט מאדאם פאָן שטיין. אינטימער האָבען שוין די באציהונגען נישט געקאָנט זיין. זי איז פאר געטהע׳ן געווען אלץ אין דער וועלט, יעדען געדאנק זיי־נעם פלעגט ער איהר מיטטהיילען. די פארבינדונג האָט מען נישט געקענט באשולדיגען, ווייל פאר אזא כאראקטער ווי געטהע׳ס איז עס געווען נאַטירליך; אָבער וואָס אמאָל איז עס אלץ געוואָרן גע־פעהרליכער, מען האָט מורא געהאט פאר א סקאנדאל. די אונאי־בערלעגטע ליידענשאפט פון דעם אינגלינג האָט נישט געפּאסט און איז אונמעגליך געווען פאר דעם מיטעליעהריגען מאן. ער האָט יעצט געמוזט האָבען די נעטהיגע רוה צו שאפען. אָבוואָהל ער האָט זיך אָבגעגעבען מיט צייכענען, מאָהלען, מאָדעליערען א. אז. וו. איז אָבער זיין הויפּט אינטערעס געווען יעצט אין שטודירען ריינע וויסענשאפט, און אויך אויף דעם געביעט האָט ער זעהר פיעל אויפגעטהאָן. ער האָט שטודיערט פיזיאָנאָמי אונטער דער לייטונג פון דעם באריהמטען לאוואַטער, ווי אויך אנאַטאָמי, אויף וועלכען פעלד ער האָט ווירקליך ערפונדען עטוואָס נייעס. ער האָט זיך אויך זעהר פיעל אָבגעגעבען מיט פלאנצונגען, אָנשרייבענדיג א זעהר וויכטיג ווערק איבער „די ענדערונג פון פלאנצען" וואָס איז ווירקליך א גרויס געווינס פאר דער באָטאַניק.

אין 1786 האָט זיך געטהע שטארק פארבענקט צו זעהן אי־טאליען, דער חלום פון זיין יוגענד, און פון דעם דריטען סעפּ־טעמבער פון זעלבען יאָהר ביז דעם 18טען יוני 1788 איז ער גע־בליבען אין איטאליען, שטודיערענדיג די אלטערטימליכע קונסט און די פון דער רענעסאַנס. די צייט רעכענט זיך פאר דער וויכ־טיגסטער פון געטהע׳ס גייסטיגער ענטוויקלונג. ער איז אָבער נישט געבליבען בלויז ביים שטודיערען: דאָ האָט ער אָנגעשריבען זיין „איפיגעניע" וועלכע טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּעל פון ריי־נער קלאסישער פאָרם. ער האָט אויך כמעט געענדיגט „טאָרקו־אַטאָ טאססאָ" אין וועלכען ער האָט ארייגעפלאָכטען פאסירונגען און געפיהלען פון זיין אייגענעם לעבען. ער האָט אויך געענדיגט זיין „עגמאָנט", און אנגעשריבען מעהרערע סצענען פון „פאוסט".

איבערהויפּט די גאַנצע סצענע פון דער „מכשפה'ס קיך", און אין מיטען יוני האָט ער זיך צוריקגעקעהרט קיין ווייםאַר.

פון יעצט פאַנגט אָן די ווירקליכע עפּאָכע פון געטהע, דעם גרעסטען זשעני דייטשלאַנדס. צו דעם צוזאַמענקומען זיך מיט מאַדאַם פאָן שטיין נעמט אָן ענדע, פון זיינע הויף אַרבייטען ווערט ער באַפרייט מיט גרויס כבוד, און ער הייבט אָן אַרבייטען מיט חשק. אין דער זעלבער צייט באַגעגענט ער זיך מיט שילער'ן, קיינער פון זיי נישט וויסענדיג וואָס פאַר א ראָלע, וואָס פאַר אַן איינפלוס איינער וועט האָבען אויף דעם צווייטענס לעבען.

אין הערבסט פון דעם יאָהר 1788, שפּאַצירענדיג אין דעם ווייםאַר־גאָרטען האָט ער באַגעגענט קריסטיאַנא וואולפּיוס, א יונג מיידעל, וועלכע האָט איהם דערלאַנגט א געשריבענע ביטע פאַר איהר ברודער. זי האָט געהאַט גאָלדענע לאָקען, רונדע ליעב־ליכע באַקען, לאַכענדיגע אויגען, א פיינעם רונדען קערפּער; מיט איין וואָרט זי האָט אויסגעזעהן ווי אַן אמת'ע נימפע. געטהע האָט זי צו זיך גענומען, מיט איהר געלעבט אלס מאַן און ווייב און האָבען געהאַט קינדער. אָפיציעל אָבער, האָט ער מיט איהר חתונה געהאַט אין 1806, זייענדיג באַזאָרגט וועגען דער צוקונפט פון זיין עלטסטען זוהן. קריסטיאַנא איז געוועזען וועניג געבילדעט, זי איז אָבער געוועזען א ליעבענד ווייב און צערטליכע מאַמע. צו דער צייט באַלאַנגען די „רוימישע עלעגיען". אין 1791, האָט ער גאַנץ ערנסט אָנגעהויבען אַרבייטען אויף זיין פאַרבענלעהרע, און זיך באַשעפטיגט מיט דעם ווייםאַר טהעאַטער, פאַר וועלכען ער האָט אָנגעשריבען עטליכע פּיעסען און זעהר אָפט אויפגעפיהרט שעקספּיער. אין אויגוסט 1792 האָט ער דעם הערצאָג באַגלייט אין דער שלאַכט צווישען פראַנקרייך און דייטשלאַנד. דורכפאָהרענדיג פראַנקפורט, וואו ער האָט באַזוכט זיין מאַמע, האָט ער זיך אָנגע־שלאָסען אין די פאַראייניגטע דייטשע סאָלדאַטען דורכמאַכענדיג מאַנכע שלאַכטען. אין 1793 איז ער מיט דעם הערצאָג געפאָהרען צו דער שלאַכט פון מיינץ, וואו ער האָט זיצענדיג אין א לייוועגטע־נעם ביידעל, ווייטער שטודירט זיין פאַרבענלעהרע, און איז דאַן

געוועזן איינער פון די ערשטע אריינצוגעהן אין דער באזיעגטער שטאָדט. ביי זיין צוריקקומען אין וויימאר, ענדע פון דעם זעלבען יאָהר, האָט ער געפונען, אויף דעם הויפט סקווער, א פרעכטיג הויז, וואָס דער הערצאָג האָט פאר איהם ספּעציעל אויפגעבויט אלס צייכען פון פריינדשאפט.

זיין פריינדשאפט מיט שיללער'ן הויבט אויף איהם אָן שטארק צו ווירקען. אין דער צייט האָט שיללער געגרינדעט א זשורנאל פאר ליטעראטור און קריטיק, מיט דעם נאָמען „האָרען", וועלכער האָט אָנגעמאכט אַן איבערקעהרעניש אין דער דייטשער ליטעראטור. שיללער האָט געטהע'ן איינגעלאדען מיטצוארבייטען, און געטהע האָט דעם פאָרשלאג מיט פארגעניגען אָנגענומען. ווי ווייט שיללער האָט אויף איהם געווירקט, קען מען זעהן דערפון: דער ערשטער טהייל „פאוסט„ איז כמעט ווי געענדיגט געוואָרן, דער צווייטער טהייל האָט אָנגעהויבען געבוירען ווערן, און ער האָט געענדיגט זיין „ווילהעלם מייסטערס לעהריאָהרען". אין דעם „מוזען אלמאנאך", וואָס שיללער האָט שפּעטער ארויסגעגעבען, האָט געטהע געשריבען מעהרערע פון זיינע פראכטפולסטע ליעדער. „הערמאַן און דאָראָטהעאַ" איז אויך א פּראָדוקט פון דער מערקווירדיגער פריינדשאפט פון די צוויי זשעניען וועלכע האָט צו זיך כמעט קיין גלייכען נישט אין דער וועלט געשיכטע. אין 1797 האָט ער אָנגעשריבען „די כלה פון קאָרינטה", „גאָט און די באַיאדערע" און „דער צויבערלעהרלינג". אלע ערשיענען אין דעם „מוזען-אלמאנאך". אין דעם זעלבען יאהר האָט ער אויך אָנגעשריבען מעהרערע פראכטפולע באַלאדען, ווי אויך פאָרשונגען וועגען פלאנצונגען, אָבהאנדלונגען וועגען עסטהעטיק, און ווייטער געארבייט אויף „פאוסט", וואָס איז פאר איהם יעצט געוואָרן זיין לעבענס-ווערק.

אין די ערשטע טעג פון דעם נייעם יאָהרהונדערט, איז געטהע שרעקליך קראנק געוואָרן אויף סקארלאטינא, און מען האָט זיך געשראָקען פאר זיין לעבען. נאָכדעם ווי ער איז געזונד געוואָרן האָט ער אָנגעהויבען ארבייטען אויף א דראמא א קליין-טרילאָ-

גי, אין וועלכער ער האָט געוואָלט פאַרעביגען די פראַנצויזישע רע־וואָלוציאָן, אָבער בלויז איין טהייל האָט ער געענדיגט, „די נאַטיר־ליכע טאָכטער". אין דער דראַמאַ זענען באהאנדעלט געוואָרן געוו־רערע געשיכטליכע פאקטען, און איז געשריבען געוואָרן אין אַ זעלטען שעהנעם סטיל.

אין דעם יאָהר 1803 איז געטהע געוואָרן די צענטראַל פיגור פון דייטשלאַנד, און אין זיין הויז האָבען פאַרקעהרט די באַריהמ־טעסטע מענער פון זיין צייט. אין אָנהויב 1895 איז געטהע פּלוצים „איבערצייגט" געוואָרן, אַז ער אָדער שיללער וועט אין דעם יאָהר מוזען שטאַרבען. אין מאָנאַט יאַנואַר זענען זיי ביידע קראַנק גע־וואָרן. שיללער איז צוערשט געזונד געוואָרן און באַזוכענדיג גע־טהע'ן איז זיין קראַנקען־צימער, איז ער איהם געפאַלען אויף דעם האַלז און איהם האַרציג געקושט. דעם 29טען אַפּריל האָבען זיי זיך געזעהן צום לעצטען מאָל. שיללער איז געגאַנגען אין טהעאַטער און געטהע איז נאָך צו שוואַך געווען איהם צו באַגלייטען. שיללער איז געשטאָרבען דעם אָבענד פון 9טען מאַי. קיינער האָט דאָס גע־טהע'ן נישט געוואָגט צו זאָגען, אָבער אויף די פּנים'ער פון די מענשען וועלכע האָבען איהם אַרומגערינגעלט, האָט ער געזעהן אַז שיללער מוז זיין זעהר קראַנק. דעם אַנדערן מאָרגען, נאָך שיל־לער'ס טויט, ווען זיין פרוי איז צו איהם אַריינגעקומען, האָט ער זי געפרעגט:

— איז עס נישט אמת, אַז שיללער איז נעכטען זעהר קראַנק געווען?

זי האָט אָנגעהויבען וויינען.

— ער איז טויט! האָט ער אויסגעשריגען.

— דו האָסט געזאָגט דעם אמת, האָט זי געענטפערט.

— ער איז טויט! האָט ער נאָך אַמאָל אויסגעשריגען און האָט מיט די הענד פאַרדעקט זיינע טרערנדיגע אויגען.

אַלס פאַרהערליכונג פון זיין אונשטערבליכען פריינד'ס נאָמען האָט ער אָנגעשריעבען אַן עפּילאָג צו זיין מייסטערליכער פּאָעמאַ „דער גלאָק".

א מערקווירדיגע באגעגעניש האָט געטהע געהאַט מיט נאַ־פּאָלעאָן דעם גרויסען. דעם 14טען אָקטאָבער האָט נאַפּאָלעאָן גע־וואונען די שלאכט ביי יענא, און דעם זעלבען אָבענד איז וויימאר געפּלינדערט געוואָרן פון די זיעגרייכע סאָלדאטען. דער הערצאָג און די איבריגע הויפליט זענען אנטלאָפען, בלויז די הערצאָגין איז געבליבען. מעהרערע פון געטהע'ס פריינד האָבען פארלוירען אלץ וואָס זיי האָבען געהאַט. געטהע'ס אייגענטהום, און פיעלייכט אויך זיין לעבען איז גערעטעט געוואָרן דורך דער שטארקער האלטונג פון זיין געטרייער פרוי קריסטיאנא. דעם 15טען איז נאַפּאָלעאָן אריינגעקומען אין שטאָדט אין גאָר געטהע איז איהם נישט געגאנ־גען זעהען. די הערצאָגין האָט ביי נאַפּאָלעאָן'ען גע'פּועל'ט ער זאָל באגנאדיגען איהר מאן, וואָס ער האָט אויך געטהאָן. ערשט אין הערבסט פון 1808 האָבען זיך נאַפּאָלעאָן און געטהע, וואהר־שיינליך די דאמאָלסטדיגע צוויי גרעסטע מענער פון אייראָפּא, באגעגענט און גערעדט. עס איז געווען ביים קאָנגרעס אין ערפורט וואו אלע אייראָפּעאישע קעניגע און פירסטען זענען געווען פאר־זאמעלט. דער הערצאָג האָט פארלאנגט אז געטהע זאָל זיין נעבען איהם. דעם 2טען אָקטאָבער האָט נאַפּאָלעאָן איינגעלאַדען גע־טהע'ן צו זיך. דער קייזער איז געזעסען ביי א גרויסען טיש און געגעסען, ער האָט איהם צוגערופען, און האָט צו איהם געזאָגט:

— וואר־ז־עט ען אָם! (איהר זענט א מענש). און נאַפּאָ־לעאָן האָט נישט יעדען גערופען „מענש".

ער האָט איהם געפרעגט ווי אלט ער איז, זיך געוואונדערט ווי פריש און שטארק ער זעהט אויס. ער האָט איהם אויך געזאָגט אז ער האָט געלייענט „ווערטהער" זיעבען מאָל, און געמאכט געווי־סע באמערקונגען, און איהם איינגעלאַדען אין פּאריז. זיי האָבען זיך צושיידט מיט געגענזייטיגער באוואונדערונג. זייט דאן איז דער ביוסט פון נאַפּאָלעאָן געוואָרן א טהייל פון געטהע'ס שטודיער־צימער. אין דעם זעלבען יאָהר, 1808, איז צום ערשטען מאָל ערשיע־נען געטהע'ס ווערק אין דרייצעהן בענדער, וועלכע האָבען ענט־האלטען דעם גאנצען ערשטען טהייל „פּאוסט".

עס איז ווערטה צו באמערקען די פארשיערענע צייטען ווי אזוי געטהע האט געשריעבען „פאוסט“:

אנגעהויבען שרייבען אין 1774. ער האט די פארשיערענע אנגשריבענע טהיילען מיטגענומען קיין איטאליען וואו ער האט צוגעשריבען „די מכשפה'ס קיך“ סצענע. „די ווידמונג“, „דעם פראלאג אין הימעל“, דעם „פארשפיעל אויף דער ביהנע“, דאס „אינטערמעצא“, די סצענע מיט וואגנער „פאר דעם שטאדט טהויר“ און דער געשפרעך מיט מעפיסטאפעלעס'ן זענען געשריעבען געווארן פאר 1800. אין דעם יאהר איז ער געוועזן באשעפטיגט מיט „העלענא“ פאר דעם צווייטען טהייל, און צום ערשטען טהייל האט ער צוגעזעצט די „וואלפורגיס־אכט“, און די וואלענטין סצענע. די לעצטע צוועלף יאהר פון געטהע'ס לעבען, נאכדעם ווי ער איז זיבציג יאהר אלט געווארן, זענען געוועזן פארנומען מיט דעם צווייטען טהייל „פאוסט“, און מיט „ווילהעלם מייסטערס וואנדעריאהרען“. ער איז צו דער צייט געוועזן דער ליטעראר‏ישער דיקטאטאר פון גאנץ אייראפא.

אין 1810 האט געטהע געענדיגט זיין פארבענלעהרע.

„דיכטונג און וואהרהייט“, די פאלשטענדיגע אוטאביאגראפי פון געטהע איז ערשיענען ערשט נאך זיין טויט.

מיט דעם ענדיגען פון „פאוסט“ האט געטהע דערפיהלט אז זיין לעבענסווערק איז געענדיגט. ער האט גענומען א לעבעדיגען אינטערעס אין אלע ליטעראר‏ישע באוועגונגען, אבער ער האט א סך טרויער איבערגעלעבט. זיינע פריינד האבען שנעל אנגעהויבען אויסשטארבען. אין 1816 איז זיין פרוי, נאך א דרייסיג יעהריגען צוזאמענלעבען, געשטארבען, און ער האט איהר פארלוסט ביטער געפיהלט. די הערצאגין אמאליא, איינע פון זיינע בעסטע פריינד איז געשטארבען אכט יאהר פריהער, עטוואס שפעטער פון זיין מאמעס טויט. נאך ביטערע ערפאהרונגען האבען אויף איהם געווארט. פרוי פאן שטיין, מיט וועמען ער האט באנייעט, אויב נישט די ליעבע, אבער זייער אמת'ע פריינדשאפט, איז געשטארבען אין 1827; און אין יוני 1828, האט ער פארלוירען זיין יוגענד חבר,

דעם גרויסהערצאָג קאַרל אוגוסט, וועלכער איז פּלוצים געשטאָרבען, ווייט פון וויימאר. געטהע האָט די נייעס אויפגענומען כלומר׳שט קאלט, אָבער צו זיינע פריינד האָט ער געזאָגט: „יעצט איז שוין אלץ פאָריבער", און איז אוועק טרויערן און ארבייטען אין דאָרנבורגער שלאָס וואו אלץ האָט איהם דערמאָהנט אין זייער יוגענדליכער פריינדשאפט. אין 1830 האָט ער געקראָגען דעם לעצטען שטארקען קלאפּ מיט דעם טויט פון זיין איינציגען זוהן, וועמען, טראָץ זיין שוואכען כאראקטער, דער פאָטער האָט זעהר ליעב געהאט. ער איז געשטאָרבען אין רוים, וואו ער איז באערדיגט אויף א פּלאַץ, אויף וועלכען געטהע האָט געוואונשען באערדיגט צו ווערן.

יעצט געהען מיר איבער צו דער שלוס־סצענע.

דאָנערשטאג, דעם 15טען מערץ, 1832, האָט געטהע פארבראכט זיין לעצטען פרעהליכען, גליקליכען טאָג. מעהרערע פון זיינע אלטע איבערגעבליבענע און נייע פריינד האָבען איהם באזוכט. דעם אנדערן מאָרגען איז ער אויפגעשטאנען מיט א לייכטער פארקיהלונג. ער האָט זיך אָבער שנעל ערהאָלט, און מאָנטאג האָט ער שוין אזוי גוט געפיהלט, אז ער האָט גערעכענט דעם אנדערן טאָג אָנצוהויבען זיין געוועהנליכע ארבייט. אָבער אין מיטען דער נאכט האָט ער זיך אויפגעכאפּט מיט א טויטליכער קאלטקייט, וועלכע האָט זיך פארשפּרייט פון זיינע הענד איבער דעם גאנצען קערפּער. עס האָט גענומען מעהרערע שטונדען ביז מען האָט די קאלטקייט באזייטיגט. ער איז געווען האָפנונגסלויז קראנק, אָבער ער האָט דעם טויט נישט פאָרויסגעפיהלט. ער איז געזעסען אין גאנצען אָנגעטהאָן אין זיין ארם־שטוהל, פּרוביערט צו געהן אין זיין שטודיער־צימער, מיט זיכערקייט גערעדט פון זיין געזונד ווערן, און פון די שפּאציערגענג וואָס ער וועט מאכען אין די שעהנע אפּריל טעג. זיין שנור אָטטיליע האָט איהם געטריי באדיענט. דעם 22טען פון זעלבען מאָנאט, האָבען די קרעפטען איהם שנעל אָנגעהויבען פארלאָזען. ער איז געזעסען און געדרימעלט אין זיין ארם־שטוהל האלטענדיג אָטטיליע׳ס האנד. איהר נאָמען איז

שטענדיג געוועזן אויף זיינע ליפּען. זיינע געדאנקען האָבען מאנכעס מאָל געוואנדערט צו זיין געליעבטען פריינד שיללער, אמאָל צו א שעהנעם, ליעבליכען פרויען קאָפּ מיט שווארצע לאָקען, א יו־גענד ערינערונג. זיינע לעצטע ווערטער זענען געווען „מעהר ליכט“ געבענדיג א באפעהל צו עפענען די אנדערע זייט פון פענסטער. נאָכדעם האָט ער מיט דעם פינגער געצייכענט פארשיעדענע בוכ־שטאבען אין דער לופט. ארום האלב נאָך עלף פארמיטאָג האָט ער זיך ווי צונויפגעצויגען, אָהן דעם מינדעסטען צייכען פון וועה־טאָג, אין דער לינקער זייט פון זיין ארם־שטוהל, און איז אזוי פריעדליך איינגעשלאָפען, אז עס האָט גענומען א לענגערע צייט ביז די דיענער באמערקט אז די נשמה האָט איהם פארלאָ־זען. ער איז באערדיגט געוואָרן אין דעם גרויס־הערצאָגליכען קבר וואו שיללער ליגט.

❧ ❧ ❧

# איינלייטונג צום ערשטען טהייל.

1.

דער צוועק פון דער פאָליגענדער קורצער איינלייטונג, איז דעם ערנסטען, שטודיערענדעם לעזער — און איך קען מיר קיין אנדער „פאוסט"־לעזער נישט פאָרשטעלען — אויף א שטיקעל וועג ארויפצופיהרען, ווי אזוי צו דער ארבייט צוצוגעהן; איהם, מעהר אָדער ווענינער, אָנווייזען די סטעזשקע וועלכע וועט איהם אריינפיהרען אין דעם אונגעהייערען „פאוסט" לאבירינט, וועלכער איז אזוי פארפלאָנטערט — נאטירליך, איידער מען האָט איהם עטליכע מאָל דורכגעוואנדערט מיט א וועגווייזער — אז מען קען לייכט פארבלאָנדזשען, מיעד ווערן און די ארבייט אויפגעבען. איבערהויפט ווייל דער דאָזיגער לאבירינט איז פאר דעם אידישען לעזער אזוי אונגעהייער פרעמד.

* * *

געטהע רופט אָן זיין פ א ו ס ט א „טראגעדיע", אָבוואָהל דאָס וואָרט, ווי עס ווערט אין אלגעמיין געברויכט, פאסט כמעט נישט אהער. דאָך, אלס דראמאטישע פאָעמא, געבויט אויף א טראגישער ערצעהלונג, אין וועלכער עס ווערען דורכגעפיהרט די ליידען און דער טויט פון דעם העלד, קען מען דאָך אין א געוויסען זינן אָנרופען „טראגעדיע". אָבער ווי אזוי מען זאָל דאָס ווערק נישט אָנרופען, אן אונבאשטרייטבארער פאקט איז, אז דאָס איז דער גרעסטער מאָנומענט פון דער דייטשער פאָעזי. קיין ווערק ווערט נישט אזוי פיעל ציטירט פון דייטשע און אנדערע שרייבער, אזוי פיעל שטודיערט פון אלע געלעהרטע, און קיין ווערק איז

מיט דעם נייעם דייטשלאנד אזוי ענג פארבונדען ווי פ א ו ס ט. דאך איז עס נישט בלויז א נאציאנאלע פאעמא, ווייל אזוי ווי געטהע איז אנערקענט געווארן אלס אל־וועלטליכער זשעני, און אזוי ווי פ א ו ס ט איז די העכסטע אנטפלעקונג פון זיין זשעני, דער העכסטער פראדוקט פון זיין מארך, דערפאר איז פ א ו ס ט געווארן אן אל־וועלטליך ווערק, וועמענס איינפלוס עס ווערט גע־פיהלט אין אלע וועלט־טהיילען.

דורך דעם אונגעוועהנליכען כאראקטער פון דער פאעמא, איז דער שטודיום זעהר א שוועהרער. די פאעמא ענטהאלט זעהר וועניג פארבארגענע געדאנקען, זי רייסט אונז אבער מיט אין יעדער ער־שיינונג, אין יעדען אינערליכען קאמפף פון מענשליכען לעבען, און מענשליכען אינטערעס. די אויסערגעוועהנליכע פארשיעדענע פארם פון שפראך און אויסדרוק, דאס פאלקסטימליכע און אלטער־טימליכע, די אונצעהליגע וואנדערונגען אין אונבעקאנטע געדאנ־קען־וועלטען, געפיהלען און פאעטישע ערשיינונגען, דאס אלין שטעלט צוזאמען אזא אונגעהייערע ריעזען־וועלט אין „פאוסט". אז דער לעזער מוז האלטען די „אויגען אפען" אום נישט צו פארבלאנדזשען, און מוז גוט אכטונג געבען נישט פארטומעלט צו ווערן. איבערהויפט מוז דער לעזער פארשטעהן צוזאמענצוהאל־טען די ג א נ צ ק י י ט פון דער פאעמא, דעם איינהייטליך־רויטען פאדעם, וועלכער לויפט דורך דער גאנצער געוועב־טראגעדיע, נאכ־צופאלגען, ווייל נאך אלעמען פעהלען נישט אין דער פאעמא קיין פארבארגענישען און סודות. דאס פארשטעהען פון די אלע זייטען און פארשיעדענקייטען, איינציגווייז, ווי אויך זייערע פארבינדונגען מיט דעם גאנצען, אט דאס איז אן אבסאלוטע נויטווענדיגע זייט פון דעם שטודיום.

דער הויפט כאראקטעריסטישער שטריך אין „פאוסט" איז דער ס י מ ב א ל י ז מ ו ס וועלכער שטעלט פאר לעבעדיגע ער־שיינונגען פון מאדערנעם לעבען אין דער פארם פון אלטע פאלקס־לעגענדען. ארויס־צו־באקומען פון דעם סימבאליזמוס דאס וואס דער שרייבער האט דערמיט געוואלט אויסדריקען, נישט מעהר און

נישט ווניגער, אַז דאָס איז דאָס שווערסטע און אין דער זעל־בער צייט דאָס וויכטיגסטע.

צו פארשטעהען וואָס געטהע האָט געוואָלט, און דאָס אויסגע־דריקט אין זיין „פאוסט“, מוזען מיר שטודירען און זיך באקענען מיט איהם אליין, מיר מוזען זיך באקענען מיט זיין לאנד, ווי גע־טהע אליין דריקט זיך אוים:

ווער דעם דיכטער וויל פארשטעהען,
מוז אין לאנד פון דיכטער געהען.

אום דעם לעזער קלאָהר צו מאכען ווי שטארק געטהע'ס לע־בען איז ארייננעפלאָכטען אין זיין „פאוסט“, קען מען זעהן פון דער פאָלגענדער באמערקונג וואָס ער אליין האָט געשריבען:

......די מערקווירדיגע פופען־שפּיעל־לעגענדע האָט געקלונגען און געזשומעט אין פארשיעדענע טענער אין מיר. איך האָב מיך ארומגעטריבען, גריבלענדיג זיך אין אלע וויסענשאפטען און האָב יונג גענוג נאָך געפיהלט זייער פוסטקייט. איך האָב אויך געמאכט אלערליי פראָבעס אין לעבען, און בין שטענדיג צוריקגעקומען אליץ אונצופריעדענער, פארצווייפעלטער. איך האָב מיך מיט די אלע זאכען ארומגעטראָגען, ווי פיעלע אנדערע, האָב אין איינזאמע שטונדען פון זיי תענוג געהאט, אָבער איך האָב גאָר נישט גע־שריעבען........

פון דער אויבען דערמאָנטער ציטאַטע זעהען מיר: ערשטענס ווי די פופען־שפּיעל לעגענדע האָט געווירקט אויף געטהע'ן אין זיין יוגענד, צווייטענס, זיינע פערזענליכע ערפאהרונגען, וועלכע האָבען איהם געבראכט דערצו צו זעהען אין „פאוסט“ א סימבאָל פון זיך אליין.

## 2.

די פופען־שפיעל לעגענדע, פון וועלכער געטהע רעדט, איז אן אויסוואוקס פון אן עלטערער פאלקס דראמא געשפיעלט פון ווירקליכע אקטיארען, אין אנפאנג פון 17טען יאהרהונדערט. אבער אום צו פארשטעהען וועגען וואס דא האנדעלט זיך מוזען מיר צו־ריקגעהן צו דער צייט פון דער „פאוסט"־לעגענדע.

אז אזא מענש ווי דר. פאוסט האט אין דער ווירקליכקייט עקזיסטירט איז מעהר אדער ווייניגער אן אנגענומענער פאקט, באגרינדעט אויף מעהרערע שריפטען פון דער צייט ווען פאוסט זאל האבען געלעבט. צ. ב. פיליפ בעגארדי, א דאקטאר־מעדיצין, דערצעהלט אין זיין „אינדעקס סאניטאטים", געדרוקט אין 1539 אין ווארמס, אז פאוסט איז געוועזען אן איינפאכער שווינדלער, וועלכער האט „עטליכע יאהר צוריק" געוואנדערט איי־בער דייטשלאנד, אבנארענדיג דאס פאלק מיט היילמיטעל, אויס־נארענדיג געלד מיט גורל ווארפעריי, מאגישע קונסטשטיק, א. אז. וו. דער זעלבער בעגארדי דערצעהלט אז ער קען מעהרערע וועמען פאוסט האט אבגענארט. אין א צייט ווען יעדער האט געגלויבט אין כשוף, איז עס געוועזען נאטירליך אז דאס פאלק זאל איהם צו־שרייבען געוויסע כשוף־קונסטשטיק, אזוי אז ער איז בעקאנט גע־ווארן כמעט אין גאנץ דייטשלאנד אלס דער גרעסטער מכשף. ווי געוועהנליך האבען זיך ארום איהם אנגעהויבען וועבען מעשה'לעך, אז ער האט פארקויפט זיין נשמה דעם טייפעל, א. אז. וו. נאטיר־ליך האט מען אין יעדער געגענד דאס מעשה'לע אנדערש דער־צעהלט. אזוי זענען אויסגעוואקסען א מאסע פאוסט־לעגענדען, וועלכע זענען געזאמעלט געווארן אין איין בוך געדרוקט אין 1587 אין פראנקפורט־אם־מיין, אונטער דעם טיטעל „די געשיכטע פון

דר. יאָהאַנן פאוסט, דעם ווייטבאַשריגענעם מכשף און שוואַרץ־קינסטלער". דאָס בוך, ווי עס ווייזט אויס, איז געשריבען געוואָרן מיט דעם צוועק צו וואָרנען די לעזער זיך נישט צו באַשעפטיגען מיט כשוף און שוואַרץ־קינסטלעריי.

דאָס מעשה'לע, דערצעהלט אין קורצען איז אַזוי:

„פאוסט, דער זוהן פון א פויער פון נעבען ווייטאַר, איז אויסגעהאָדעוועט פון א רייכען פעטער אין וויטטענבערג, וואו ער שטודירט אויס אין א קורצער צייט טהעאָלאָגי אין דער אָרטיגער אוניווערזיטעט, און באַקומט א טיטעל מיט גרויס כבוד. האָבענדיג אבער א נארישען חוצפה'דיגען כאראקטער (מיר קענען בעסער זאגען א שטאָלצען און אריגינעלען כאראקטער) הייבט ער אָן שטודירען ביכער פון כשוף. אין א קורצער צייט ווערט ער א „וועלט־מענש", רופט זיך דאָקטאָר פון מעדיצין, אסטראָלאָג א. אז. וו. און הייבט אָן ארומצוואַנדערן היילענדיג מענשען מיט גראָזען, וואורצלען און קאַנעס. נעמענדיג זיך „אָד־לערישע פליגעל", האָט ער באַשלאָסען צו שטודירען אלצדינג וואס עס געפינט זיך אין הימעל און אויף דער ערד, און געהט אין זיין משוגעת אזוי וויט, אז ער פרובירט אויפצורופען דעם טייפעל. געהענדיג ביי נאכט אין וואלד נעבען וויטטענבערג, געלינגט איהם, נאָך פיעל מיה, צו צווינגען דעם טייפעל צו קומען, וועלכער ערשיינט אין דער געשטאַלט פון א מאָנאַך. פאוסט הייסט דעם דאָזיגען גייסט קומען צו זיך דעם אנדערן טאָג אין מיטען דער נאכט, און דער גייסט פאָלגט. דאן, נאָך לאַנגע טענות, אין וועלכער צייט דער טייפעל זאָגט איהם, אז ער הייסט מעפאָסטאָפילעס, הייבען זיי אָן צו אונטערהאנדלען, און זיי באַשליעסען אז: מעפאָסטאָפילעס שטימט איין צו געבען פאוסט'ען די קראַפט און אייגענשאפט פון א גייסט, צו זיין זיין אונטערטעניגער דיענער, צו קומען אין זיין הויז, ווען ער וויל, און דאַרט בלייבען, לויט פאוסט'ס פארלאַנג, געזעהען אָדער נישט געזעהען. דערפאַר אבער דאַרף פאוסט נאָך א צייט פון פיער־און־צוואַנציג יאָהר, באַלאַנגען צום טייפעל, און אז אין דער זעלבער צייט וועט ער זיך

אבזאָגען פון קריסטליכען גלויבען, האסען אלע קריסטען, און וועט אונטערשרייבען דעם קאָנטראקט מיט זיין אייגען בלוט.

א צייט לאנג בלייבט פאוסט אין דער היים, זעהענדיג נישט מעהר ווי מעפאָסטאָפילעס'ן און זיין פאמולוס קריסטאָף וואגנער, וועלכער איז פריהער געווען א פשוט'ער וואגאבונד. אין אנהויב אמוזיערט מעפאָסטאָפילעס פאוסט'ן און וואגנער'ן מיט פערשיע־דענע קונצען, און פיטערט זיי מיט קייזערליכע שפייז און גע־טראנק, גע'גנב'עט פון שכנ'ישע שלעסער. און אזוי פיהרט פאוסט, טאָג ווי נאכט, א לעבען פון אן אפיקורות. הערט אויף גלוי־בען אין גאָט, גהינם און טייפעל*), און גלויבט, אז דער קערפער שטארבט אינאיינעם מיט דער נשמה. ער וויל א ווייב, אָבער אזוי ווי הייראטען איז קריסטליך, לאָזט עס דער טייפעל נישט צו, און געפינט שוין מיטלען ווי אזוי צו באפריעדיגען זיין תעוה. ער ברענגט אויף פאוסט'ן א גרויס בוך, אין וועלכען עס ווערען באַ־שריעבען אלערליי ארטען כשוף. פאוסט, ווערענדיג נייגיעריג, פרעגט ער מעפאָסטאָפילעס'ן אלערליי פראגען וועגען דער גיי־סטער־וועלט. דאָ דערצעהלט איהם דער טייפעל, ווי אזוי די טייוואָלים האָבען זיך ענטוויקעלט, דאָס ארונטערפאלען פון מעה־דערע מלאכים פון הימעל א. אז. וו. מעפאָסטאָפילעס'עס ערצעה־לונג פון לוציפער'ס פאל, און ווי ער איז פריהער א מלאך געווען, דערמאָנט פאוסט'ן אין זיין אייגענעם פאל, און ער האָט ביטער חרטה. דאָך ער וויל נישט תשובה טהאָן, און זיך אומקעהרען צו גאָט'ס קירך, נאָר גיט זיך אלץ אָב מיט טייפלישע שטיק. דער טייפעל זאָגט זיך אָב איהם ווייטער צו דערצעהלען פון דער גייס־טער־וועלט, און פאוסט גיט זיך אָב מיט מאכען לוח'ן, און שטודירט פיזיק און אסטראָנאָמי. אזוי פארגעהען זיעבען יאָהר.

אין די נעקסטע אכט יאהר טהוט פאוסט אויף פאָלגענדע

---

*) עס איז מערקווירדיג צו באַמערקען, ווי די לעגענדע, דערצעה־לענדיג אז פאוסט רעדט מיט דעם טייפעל, גלויבט אליין נישט אין דעם טייפעל'ס עקזיסטענץ.

שטיק : ער פארלאנגט צו באזוכען דאָס גהינם. און מעפאָסטאָפי־
לעס זעצט איהם אריין אין א ביינערדיגען שטוהל, פליהט מיט
איהם אין דער לופט, אנשלעפערט איהם, און מאכט איהם חלום'ען,
אז ער איז אין גהינם. שפעטער פליהט ער צום הימעל אין א וואָ־
גען געשלעפט פון באפליגעלטע שלאַנגען, און פארברענגט א וואָך
צווישען די שטערן. אין דעם זעכצעהנטען יאהר פערלאנגט ער צו
באריזען די וועלט. מעפאָסטאָפילעס מאכט זיך פאר א פערד
מיט פליגעל, אין דער געשטאלט פון א קעמעל, און פיהרט פאוס־
טען אין אלע זייטען פון דער וועלט. אזוי באריזט ער א סך
לענדער, האָט הנאה פון אלע שעהנקייטען, באווייזענדיג מעהרער
שווארץ־קונסטשטיק. אין רוים טהוט ער אָב שפיצלעך דעם פאפסט,
אין קאָנסטאנטינאָפאָל באזוכט ער דעם סולטאנ'ס הארעם אין
דער געשטאלט פון מאחמעד, און נאָך אזעלכע שטיק. ער מאכט
עס זאל אויסוואקסען א האָרן אויף דעם שטערן פון א ריטער,
שלינגט איין א פויער'ס וואָגען אנגעלאדען מיט היי, און שניידט
אָב זיין אייגענעם פוס און פארזעצט איהם ביי א אידען. כמעט
אן דער ענדע פארברענגט ער אין דער געזעלשאפט פון לוסטיגע
סטודענטען. ביי א געלעגענהייט פארלאנגען זיי, די סטודענטען,
פון איהם ער זאל זיי ווייזען העלענא'ן, די באריהמטע גריעכישע
שעהנהייט. פאוסט ברענגט העלענא'ן, מאכט זי שפעטער פאר זיין
מעטרעסע, און האָט מיט איהר א זוהן, יוסטוס פאוסט, וועלכער
זאָגט נביאות וועגען זיין טאטענ'ס צוקונפט. ווען די ענדע פון די
24 יאהר האָט אנגעהויבען קומען, האָט פאוסט חרטה געקראגען
אויף דעם אבמאך און האָט באוויינט זיין מזל מיט ביטערע טרע־
רען און קלאָגען. דער טייפעל פרובירט איהם טרייסטען, אבער
ער באשטעהט אויף זיין קאָנטראקט. אין דעם לעצטען טאָג פון
די 24 יאהר, נאָכדעם ווי ער האָט זיין פארמעגען איבערגעגעבען
וואגנער'ן, פארברענגט פאוסט מיט זיינע באגלייטער אין א שענק
נעבען וויטטענבערג, אונטערהאלט די גאנצע געזעלשאפט, הייסט
זיי עסען און טרינקען, דערצעהלט זיי ווי ער האָט חרטה און פון
זיין לאגע, און אז אום מיטערנאכט וועט דער טייפעל קומען איהם

נעהמען. דאַן צעשיידען זיי זיך. אין דער געוויסער שטונדע דערהערען די סטודענטען שרעקליכע קולות פון סוויסטשען און פייפען, און דעם אנדערן אין דער פריה, געהענדיג זוכען פאוסט'ן, געפינען זיי זיין פארקריפּעלטען קערפּער אויף א בערגעל מיסט".

דאָס מעשה'לע, הייסט עס, ווייזט אונז, אז א מענש דאַרף נישט געהן אין שלעכטע דרכים, און מיר דאַרפען זיך אראָבנעהמען א מוסר פון פאוסטען נישט ארייןצופאלען אין די הענד פון טייפעל.

ארייןקוקענדיג אבער טיעפער אין דער לעגענדע, זעהען מיר גאנץ עטוואס אנדערש, נעמליך, מיר זעהען אין איהם, אין פאוסט'ן, די פארקערפּערונג פון דער רעפארמאציאָן פון מיטעלאלטער, לויט דאָס פּראָסטע פאָלק האָט זי פארשטאנען, דאָס הייסט ; א מענש, וועלכער רייסט זיך אב פון דער קירכע, און הייבט אָן פרעגען קשיות, מוז ענדליך ארייןפאלען צום טייפעל אין די הענד. דערפאר דאַרף מען, לויט דער גוטהערציגער, נשמה־פארזאָרגערישער קאַטהוילישער קירכע, בלייבען א „גוטער", „געהארזאמער" קריסט, און זיך האלטען אונטער דעם שאָטען פון דעם שווארצען קאטהוילישען מאנטעל. נאָך מערקווירדיגער איז וואס אין אנדערע פאוסט־מעשה'לעך טרעפען מיר פאוסטען אלס פּראָפעסאר פון גריעכישער ליטעראטור, ווי אויך ארגומענטירענדיג, אז עס איז נויטווענדיג צו שטודירען לאטיינישע קאָמעדי, אלס לעזעשטאָף. אין דעם זעהען מיר פאוסט'ן אלס אן אמת'ן מיטגליעד פון די הומאניסטען. מערקווירדיג איז אויך, וואס די לעגענדע, אויסארבייטענדיג דעם כאראקטער פון פאוסט'ן קומט ער, אזוי ווי אומיסטען, אויס פונקט דער היפך פון מארטין לוטהער, דער באריהמטער רעפארמאטאָר, דער פאטער פון דעם פּראָטעסטאנטיזמוס. ביידע, לוטהער און פאוסט, זענען באשעפטיגט מיט הומאניטאריזמוס אין ערפורט, אבער לוטהער קעהרט אום זיין רוקען צו אלע וועלטליכע געצענדינערישע תאוות, און הייראטעט א פרוי לויט די געטליכע געזעצע, ווערענד פאוסט גיט זיך נאָך אלע פארבאָטענע תאוות, זאָגט זיך אָב פון חתונה אויף דעם טייפעל'ס ראטה, און

נעמט העלענא'ן אלס מעטרעסע.ביידע לעבען אין וויטטענבערג, דאָס וויגעל פון רעפארמאציאן, לוטהער אלס דער פרומער פאר־טייטשער פון דער ביבעל, פאוסט אלס אפיקורות און זוכער פון פארבאָטענער וויסענשאפט. ביידע באזוכען רוים, וואו לוטהער איז איבערראשט פון די זעהר נישט לויבענסווערטע צושטענדע, און פאוסט איז ציניש באפרידיגט צו זעהען, אז אנדערע זענען נישט בעסער פון איהם. ליטהערווארפט זיין טיטנפאס דעם טייפעל, וועה־רענד פאוסט שליעסט מיט איהם פריינדשאפט; לוטהער איז א איבערגעבענער גלויבער, פאוסט א זאַרגלויזער סקעפּטיקער.

די ערשטע דראמא אויף דער פאוסט־לעגענדע האָט אנגשריע־בען דער באריהמטער ענגלישער דיכטער מארלאָו אין 1590. זי טראָגט אבער דעם זעלבען כאראקטער ווי די לעגענדע אחוץ וואס דאָרט איז פאראן א יצר הרע און יצר טוב, וועלכע ווארענען איהם און ער, נאטירליך, פאָלגט דעם יצר הרע. פאוסט וויל דאָ אויך חרטה האָבען, אבער עס איז צו שפּעט און איז אן דער ענדע אוועק־געפיהרט פון טייוואָלים אין גהינם אריין. אין אנהויב פון 17טען יאהרהונדערט, 1608, ווערט אין גראץ צום ערשטען מאָל אויפגע־פיהרט א פאוסט־דראמא, כמעט אויף דעם זעלבען ארט ווי מאר־לאָו'ס דראמא. וועהרענד אבער מארלאָו'ס דראמא טראָגט אן ערנסטען כאראקטער, איז אבער די דערמאָנטע דייטשע דראמא מעהר א מין פּופּען־שפּיעל. און די דאָזיגע דראמא, ווייזט אויס, האָט געטהע, אלס קינד, געזעהען.

דער באריהמטער דייטשער קלאַסישער דיכטער און קריטי־קער גאָטהאָלד אפרים לעססינג, האָט פון דער זאגענאנטער דראמא חוזק געמאכט, און פארגעשטעלט אין קורצען ווי אזוי ער וואלט די פאוסט־לעגענדע געוואלט דראמאטיזירען. צו איז געטהע באַ־איינפלוסט געוואָרען פון לעססינגען, ווייסט מען נישט, וועהרשיינ־ליך איז ער אויף זיין אייגענעם וועג געקומען אויף דעם געדאנק פון זיין „פאוסט". איבערהויפּט איז געטהע'ס לעבען אין פיעלע הינזיכטען אזוי עהנליך צו דעם פון פאוסט, אז ער האָט אין זיין „פאוסט" געשילדערט זעהר, זעהר פיעלע געשעהענישען,

און אייגענע איבערלעבונגען און געפיהלען. געטהע האָט קיינמאָל קיינע צופריעדענשטעלענדע ענטפערם פון זיינע לעהרערס נישט געקראגען, און איז אלע מאָל ענטטוישט געווען. קיין פילאָזאָפי און קיין וויסענשאפט האָט איהם נישט צופריעדען געשטעלט. ווי דער לעזער וועט זיך דערמאָנען פון דער „ביאָגראפישער סקיצע" האָט געטהע שטודירט אלכעמי און צויבעריי. דער לעזער וועט זיך אויך דערמאָנען אז זיינער א פריינד האָט איהם, מעהר אדער ווענינער, געדיענט אלס מוסטער פאר מעפיסטאָפעלעס, און דאס האָט איהם נאטירליך אלץ מעהר און מעהר פאָרבארייטעט פאר זיין לעבענסארבייט. אויך האָט געטהע אנגעהויבען זעהען אין פאוסט'ן א מענש, וועלכער איז נישט געווען א איינפאכער זוכער פון ערדישער לוסט, נאָר א זוכער פון ה ע כ ע ר ע א מ ת'ן, און אזוי האָט דער לעגענדארישער פאוסט אין געטהע'ס פאנטאזי אנגענומען א פאָרם פון א נישט-פארשטאנענעם אונגליקליכען זו־כער פון וואהרהייט. אז ער האָט פאר זיך געהאט א מין מארגאַ־רעטע-פאוסט ליעבע אין זיין אייגענער ערפארונג וועט דער לעזער אויך געדענקען פון דער „ביאגר. סקיצע".

ביי געטהע'ן אין די הענד באקומט פאוסט נישט נאָר אן אנדער פאָרם, נאָר ער שיקט איהם אויך נישט אין גהינם אריין. ער־שטענס, ווייל אזוי ווי פאוסט איז א טהייל פון איהם אליין, וועט ער דאָך, נאטירליך, זיך אליין נישט שיקען אין גהינם אריין; צווייטענס, אז א מענש באגעהט א פעהלער איז גאָט א פאטער און וועט מוחל זיין; איז דאָך גאָט דער באשעפער פון דעם יעניגען וואס איז באגאנגען דעם פעהלער, און האָט דעם פעהלער נישט געקענט באגעהן אהן זיין וויסען און ווילען, מיט איין וואָרט, פאוסט האָט ביי איהם אָנגענומען אן אבסאָלוט ווירקליכען כאראק־טער פון א מענש וועלכער איז מיעד פון „גריבלען זיך אין ווער־טער" און וויל ו ו י ס ע ן. דערפאר רופט געטהע'ס פאוסט נישט טייוואָלים, נאָר דעם ע ר ד - ג י י ס ט, די פארקערפערונג פון ערדישער קראפט, וועלכע באזיצט אן אונגעהייערע, כמעט שווי־דערהאפטע געוואלטיגע ענערגי. דאן, אזוי ווי אין דער לעגענדע,

זאָגט זיך דער העלישער גייסט אָב פון פאָלגען פאוסט'ן ווייל ער, דער גייסט, באהויפטעט, אז ער איז א „הערשער", און שיקט ד א ן קליינע טייוואָלים פון וועלכע פאוסט קלייבט זיך אויס איינעם, מעפיסטאָפעלעס. אזוי זאגט זיך אויך דאָ, אין געטהע'ס פאוסט, דער ערד־גייסט אָב פון „האנדלען" מיט פאוסט, און שפעטער ערשיינט מעפיסטאָפעלעס, וועלכער נעמט שפעטער אן א מ ע נ ש ל י כ ע פ אָ ר ם.

מאנכע לעזער וועלען זיך שטעלען די פראגע : ווי קומט עס, וואָס דער זעלבער מענש, וועלכער איז מיעד פון גלויבען אין פוס־טע ווערטער און ווערט א פאָרשער, א מענש וואס וויל ו ו י ס ע ן, ווערט פלוצים אזא אויסגעלאסענער חברה־מאן, א מענש וועלכער ערלויבט זיך אלץ אָהן איבערלעגונג, פארפיהרט אן אונשולדיג קינד א. א. וו. ? איז דער ענטפער, אז ער ווערט טאקע נישט אזעלכער, נאר, עס איז נאטירליך אז אזא מענש זאל אין זיין פאר־צווייפלונג זוכען אויסצוטרינקען דעם לעבענס־בעכער ביז צום גרונד. ער פערלאָזט זיין פיעל פערהאסטע ביכער־וועלט, לאָזט זיך אוועק אויף דער מענשען־וועלט, נעמט אנטהייל אין אלע איהרע פריידען און ליידען, און ענדיגט די רייזע מיט דעם שיף־ברוך, וועלכער הייסט טויט. ד. ה. געטהע האָט זיך ווייניג וואס געקימערט וועגען דער לעגענדע, און האָט, אזוי צו זאגען, געשאַ־פען אייגענע מיטהאָלאָגי אלס סימבאָלען און זיין העלד אלס צענטראל פיגור. זיין העלד טרינקט אויס דעם גאנצען בעכער פון לעבען און געהט דאן נישט אין גהינם אריין, נאר דעם זעלבען וועג וואו אלע מענשען געהן נאָך זייער שפאציר אויף דעם ערד־קוגעל. עס איז די טראגעדי פון דעם לעבענס־פיעבער דורכגעלעבט אין דעלי־ריום, און דאן פאָלגט דער שלאָף. ווייל מיר קענען זיך פשוט נישט פאָרשטעלען דעם וואונדערבארען כאראקטער פון דעם פאָעט, וועלכער האָט זיך כמעט ווי פארקערפערט אין זיין העלד, אז ער זאָל איהם, דעם העלד, ענדליך נישט אויסזוכען א גענינענדע אורזאך צו ווייזען, אז ער האָט נישט אומזיסט געלעבט.

יעצט קומען מיר צו דער גערטכען־טראגעדי. אז אזא מענש

ווי פאוסט, וועלכער ווארפט זיך, אוים פארצווייפלונג, אריין אין לעבען, וועט אנטהאן צרות זיך און יענעם איז קיין פראגע נישט. א וואונדער וואלט געווען ווען עס זאל אנדערש זיין. און די גרעט־כען־טראגעדי איז אזא נאטירליכע, אזא הארצרייסענד נאטירליכע, אז עס שוידערט אזש. אום די טראגעדי נאך מעהר צו פארשטאר־קערן, שלעפט מעפיסטאפעלעס אוועק פאוסטען פון מארגארעטען, ווען זי דארף איהם אם נעטהיגסטען, דאס הייסט, מעפיסטאפע־לעס מאכט אזוי אז פאוסט דער'הרג'ט גרעטכענס ברודער, וואַ־לענטין, וועלכער וויל ראכע נעהמען פון זיין שוועסטער'ס פארפיה־רער, און פאוסט מוז אנטלויפען זיך צו רעטען פון דער תליה. אין דער צייט וואס ער איז ווייט פון איהר, האט מארגארעטע א קינד, וועלכעס ווערט דערטרונקען פון דער פון הערצוועהטאג משוגע געווארענער מאמע, וועלכע ווערט שפעטער פאראורטהיילט צום טויט. אין דער זעלבער צייט ווערט פאוסט, וועלכער ווייסט נישט פון דעם אונגליקליכען שיקזאל פון זיין געליעבטער, אונטערהאלטען פון מעפיסטאפעלעסען מיט „נארישקייטען": מיט דער „וואל־פורגיס־נאכט" קאמעדי און מיט דעם „אינטערמעצא". עס איז דארום קיין וואונדער נישט וואס פאוסט, דערוויסענדיג זיך פון מארגארעטע'ס שיקזאל, ווערט אזוי אויפגערעגט, אז מעפיסטאַ־פעלעס דערשרעקט זיך כמעט פאר איהם, און לויפט זי רעטען, וויל נאך אלעמען איז פאוסט, ווי שוין באמערקט, נישט קיין פוסטער בעל תאוה.

יעצט וועל איך פרובירען איבערגעבען אין קורצען דעם לויף פון די סצענען פון ערשטען טהייל, אזוי, אז דער לע־זער זאל פאר זיך זעהן עטוואס גאנצעס, פאלשטענדיגעס, כדי ער זאל לייכטער קענען נאכפאלגען די ענטוויקלונג פון דער פאעמא.

די „ווידמונג" און דער „פארשפיעל אויף דער ביהנע" האבען מיט דער פאעמא גארנישט וואס צו טהאן. די ערשטע וויכטיגע פארבינדונג געפינען מיר אין „פראלאג אין הימעל". דא ווערען מיר געוואהר דעם כאראקטער פון דער דראמא, קלאהר און דייט־ליך. מיר וועלען דא נישט האבען א דראמא פון זינד און פארדא־

מונג, לויט דער לעגענדע, נאָר א ריינע מענשליכע דראמא. מיר ווערען געוואָהר אז פאוסט איז א מענש פון העכערן שטרעבען, א „גוטער מענש“, א דיענער פון גאָט, וועמענס דיענען עס איז יעצט נאָך „אונקלאָהר“. מעפיסטאָפעלעס'עס סארקאסטישע באמערקונגען אויף פאוסט'ס שטרעבונגען ווייזען שוין אָן וואָס פאר א מין „חברה־מאן“ מעפיסטאָפעלעס איז, און צאַפּעלט צו באקומען איהם, פאוסט'ן, אין זיינע הענד און איהם פיהרען אויף זיינע וועגען, ד. ה. לאָזען פארזוכען פון די ערשטע פארגעניגענס, און ער איז זיכער אז ער וועט פאוסט'ען אזוי ווייט קענען ברענגען, אז ער וועט צו־פריעדען זיין צו פיהרען דאָס לעבען פון א חיה. גאָט ערלויבט איהם אלצדינג, אזוי לאנג ווי פאוסט לעבט, אָבער ער זאָגט איהם, מע־פיסטאָ'ן, אז ער וועט האָבען א דורכפאל. מעפיסטאָ נעמט לוסטיג אָן די וועט; ער האָט פיינט „טויטע“; ער איז צופריעדען צו האָבען די מעגליכקייט, אויף וויפיעל עס נישט איז, זיך צו רייצען מיט דעם רבונו של עולם.

דאן זעהען מיר פאוסט'ס „פארצווייפלונג“. ער האָט מעהר קיין לוסט נישט צו לעבען, זיין „אונוויסענקייט“ פארביטערט איהם דאס לעבען; ער בענקט נאָך אזא מין וויסען, וועלכע זאל איהם בארוהיגען אי אלס מענש אי אלס לעהרער, און מיר הייבען אָן באמערקען אז דאָס איז אזא מין וויסען וואָס שטעהט העכער פון דעם געוועהנליכען מענשליכען באגריף. ער הייבט אָן בענקען נאָך דעם לעבען פון א גייסט, אפילו פון א געוועהנליכען גייסט, און חלום'ט פון „שוועבען דורך די אָדערן פון דער נאטור“, פיהלענדיג דעם גענוס פון א „געטער־לעבען“ און פון „אוועקצו־שוועבען אין נייע ספערען פון ריינער טהעטיגקייט“. שפּעטער זעהען מיר ווי ער וואָלט געוואָלט ווי א פויגעל נאָכפליהען דער פארגע־הענדיגער זון, און שוועבען אין דער לופט אויף א צויבערמאנ־טעל, ד. ה. ער איז נישט צופריעדען צו בלייבען שטעהן ווי די נא־טור האָט איהם צופעליג אוועקגעשטעלט. און אום דאס אלעם אויסצופיהרען גיט ער זיך אב מיט כשוף. איהם געלינגט ארויב־צורופען דעם ערד־גייסט, און ער וויל זיך צו איהם דער־

נעהנטערן, ער ווערט שרעקליך צוריקגעשטויסען, און דערפיהלט אז
א גייסטער־לעבען און געטער־גענוס איז נישט פאר אזעלכע ווי ער.
דאן ערשיינט װ א ג נ ע ר, און אין דעם געשפרעך זעהען מיר
נאך קלאהרער פאוסט׳ס אידעאליזמוס, אבוואהל אין א מעהר
איינגעהאלטענער פארם ווי פריהער, אבער ער איז נאך אלץ אויפ־
ברויזענדיג; זיין אנפאלען אויף דעם אונשולדיגען וואגנער פאר
זיינע אקאדעמישע באהויפטונגען. וואגנער געהט אב. פאוסט׳ס
פארצווייפלונג דערגרייכט יעצט דעם העכסטען פונקט. זיין גאנ־
צע האפנונג אויף דער גייסטער־וועלט איז פארשוואונדען, אויף
וואס האט ער נאך צו האפען? און ער באשליעסט צו שטארבען;
אבער אזוי ווי ער לעגט צו די שאל מיט גיפט צום מויל דערהערט
ער, וואהרשיינליך פון א נאהענטער קירכע, דעם (קריסטליכען)
פסח־געזאנג, וואס דערמאנט איהם אין זיין ליעבליכער, אונשולדי־
גער, גליקליכער קינדער־צייט. ער ווערט געריהרט צו טרערן, און
איז גערעטעט. דעם אנדערן טאג, נאך זיין שפאציער מיט וואג־
נער, קומט ער, אין אבענד, צוריק, מיט א מעהר געלייטערטער
נשמה, באגלייט פון דעם פודעל.

דאן קומען די סצענען וועלכע פיהרען ביז צו דעם קאנטראקט
שליעסען מיט דעם טייפעל. מעפיסטאפעלעס ערשיינט דאן אלס
א יונגער ריטער, לוסטיג אויסגעפוצט, און הייסט פאוסט׳ן אוועק־
ווארפען זיינע „נארישקייטען" און געהן מיט איהם אין דער וועלט
אריין צו זעהן וואס ל ע ב ע ן הייסט. דא הייבט פאוסט אן
פארשעלטען דעם מענשען׳ס אידעאלען און געפיהלען, ער איז אין
העכסטער פארצווייפלונג. מעפיסטאפעלעס זאגט איהם צו אויס־
צוזוכען א מיטעל פאר זיין „קראנקהייט", און שלאגט זיך פאר ייו
זיין זיין באגלייטער אדער דיענער אפילו אין זיין זוכען ערדישע
לוסט. פאוסט איז נאך אלץ פראצווייפעלט. ער פיהלט אז דעם
טייפעל׳ס פארשפראכענע פארגעניגענס וועלען נישט ברענגען די
געווינשטע רוה פאר זיין געפלאגטער נשמה, נאך וועלכער ער
שטרעבט. דאך ווייטער אזוי לעבען קען ער נישט, ווייל אזא מין
לעבען האט זיך שוין פאר איהם געענדיגט. ער האט גוט געמיינט,

אבער זיינע הויכע שטרעבונגען האבען איהם בלויז צער פארשאפט. און אין אזא צושטאנד פון פארניכטענדער פארצווייפלונג שליעסט ער דעם קאנטראקט מיט מעפיסטא'ן, נישט ווי איינער וועלכער ערוואַרטעט צו האבען פארגעניגען פון דעם לעבען, נאר ווי איינער וועלכער וויל אויספּרוביערען און דורכלעבען אלע מענשליכע צרות מעגליך. אויב ער וועט נישט עטוואס בעסערס אויפטהאן, וועט ער צום מינדעסטען געוואהר ווערן וואס דאס לעבען איז אזוינס אין אלע ערשיינונגען און פארמען. און אזוי שליעסען דיביידע א קאנטראקט, אין וועלכען עס ווערט אבגעמאכט אז דער טייפעל זאל ביי פאוסט'ן דיענען און ערפילען אלע זיינע פארלאנגען אויף ד ע ר וועלט. אבער אין דער א נ ד ע ר ע ר וועלט דארפען האר און קנעכט זיך בייטען מיט זייער שטאנד, אבער מיט איין באדינג; פאוסט מוז „צופריעדען זיין מיט יזך אליין": ווען ער וועט זיך „אויף א פויל־בעט לעגען" אין גאנצען פארזונקען אין ערדישע פערגעניגענס, דאן זאל מעפיסטאפעלעס האבען דאס רעכט איהם צו באטראכטען אלס זיין אייגענטהום. ווען דער קאנ־טראקט איז אונטערגעשריעבען, וויסען נאך ביידע נישט, ווי עס ווייזט אוים, וואס עס וועט געשעהען, נאר יעדער איז ביי זיך זיע־כער, אז ער וועט זיעגען. פאוסט איז אבער זיעכער אז מעפיסטאפעלעס וועט נישט געווינען.

און אזוי צוגעבונדען איינער צום אנדערן, געהען זיי באזוכען צוערשט די „קליינע וועלט" און דאן די „גרויסע", ד. ה. די קליינע וועלט פון „געוועהנליכען" מענש, און די גרויסע וועלט, דעם קייזער'ס הויף.

ווען מעפיסטאפעלעס ברענגט פאוסט'ן אין אוערבאך'ס קעלער, און זעהט אז די גאנצע סצענע נודעט איהם, פערשטעהט ער אז מען מוז זיין, פאוסט'ס, יוגענד באנייען, און ער ברענגט איהם צו דער מכשפה, וועלכע גיט איהם אזא מין „יוגענד־עליקסיר", וועלכער איז אין דער זעלבער צייט אויך א „ליעבעס־עליקסיר", לויט ווי מעפיסטאפעלעס אליין זאגט:

> דו זעהסט, מיט דעם געטראנק אין ליוב,
> חעלענע'ן באלד אין יעדען ווייב.

דאן קומט די געשיכטע מיט מארגארעטע׳ן. פאוסט (א דאנק דעם כשוף), ווערט גלייך א פארליעבטער, און עס ווייזט אויס, אז דורך דער פארליעבעניש וועט ער אריינפאלען צום טייפל אין די הענד. אבער ווי היגעריסען ער ווערט נישט פון זיין פלאַ־מענדיגער ליעבע, פיהלט ער א מין געוויסענביסע, און קיין מענשען קען דאס אויסווערטיגע נישט צופריעדען שטעלען אז ער איז אי־נערליך נישט רוהיג. פאוסט בלייבט זיך באוואוסט פון „ריכטיגען וועג״ און ווען דאס שלעכטע איז געטהאן געווארן, דאס אונגליק געשעהען, און ער קעהרט זיך אום צוריק פון דעם וואלפורגיסנאכט פעסט, (וואו ער ווערט פארפאלגט פון דער אונגליקליכער מארגא־רעטע׳ס געשטאלט) זעהען מיר אז ער איז פעהיג צ לויידען פאר א רעה וואס ער איז באגאנגען. זעהענדיג די צרות וואס ער האט פארשאפט דער גוטער, אונשולדיגער גרעטכען שרייט ער אויס פיל מיט וועהטאג:

„דער מענשהייט׳ס גאנצער יאמער כאפט מיך אן״.

אין די ווערטער איז צונויפגעשמאלצען, וואס פאוסט אנבע־טרעפט, די גאנצע פארפיהרערישע צרה (פון מעפיסטאפעלעס׳עס זייט), וואס די גרעטכען טראגעדי האט מיט זיך געבראכט. אבער דער וועט איז נאך נישט צו ענדע. די „גרויסע וועלט״ דארף ערשט קומען. „פאוסט״ איז מיט דער קערקער סצענע נאך נישט געענדיגט. אזוי צו דענקען (ווי מאנכע טהוען דאס) איז איינפאך א נארישקייט, און צו גלויבען אז דער צווייטער טהייל איז ערשט געטהע׳ן שפעטער איינגעפאלען, וואלט פשוט אונמעגליך געמאכט דאס באגרייפען יד גרויסקייט און ג א נ צ ק י י ט פון דער פאעמא.

* * *

צום שלום נאך א פאר ווערטער וועגען מעפיסטאפעלעס. מען דארף זיך אויף קיין פאל נישט פארשטעלען אז מעפיסטאפעלעס אין דא א מין נשמה־כאפער, א שד וועלכער זוכט מיט פארשיערע־נע לוסט־דרעדלעך און פארפיהרערישע נעצען, אריינצוכאפען א נשמה אין גהינם אריין. אין דער וואונדערבארער געשטאלט וועל־

כע געטהע האָט געשאפען, זעהט מען גיכער א מין בליק אויף דער וועלט, א בליק אויף דעם מענשליכען לעבען, און עס איז בלויז א פראגע צו וועט מעפיסטא'ן געלינגען צו איבערצייגען פאוסט'ען אז זיין פילאָזאָפי איז די ריכטיגע. געווינט מעפיסטאָפעלעס, דאן פארליערט זיך די גאנצע פילאָזאפי פון אידיאליזמוס, און דער באַגריף פון לעבען וועט באשטעהן אין: עס, טרינק, זיי לוסטיג, ווייל מאָרגען שטארבסטו. אלס הויפט כאראקטער־צוג אין מעפיסטאָ'ן זעהען מיר דעם פארנייגונגס־גייסט, דעם שונא פון געטליכער קראפט: גאָט באַשטעטיגט און שאפט, דער טייפעל פארנייינט און פארניכטעט. אלס געגנע רפון „יהי אור" ! איז ער דער הערשער פון פינסטערניש און כאָאָס. אויכזעהן, זעהט ער אויס ווי א להכעים'דיגער, איינגע'עקשנ'טער, פארביסענער חברה־מאן, איין פוס אביסעל געלעהמט, מיט איין קאָפּטע און צוויי ראָבען, און לויט דער לעגענדע האָט ער ליעב מכשפות.

איבערגעהענדיג פון דעם אויסזעהן, וואס איז לעגענדאריש, צו דעם געדאנק וואָס איז אין איהם פארקערפערט, געפינען מיר אז דער הויפט שטריך פון זיין כאראקטער דריקט זיך אויס אין זיין ציניזישען אבלאָכען פון אידעאליזמוס. „דער מענש אין זיין הויכען שטרעבען", רופט ביי איהם ארוים געלעכטער „מאָראל". סימפאטהי", „איבערטריעבענע ליעבע צו פרויען" אָדער „נאטור" ; דאָס אלץ איז גוט פאר דעם מענשליכען היישרעק, וועלעכר וויל פליהען און קען בלויז אונטערשפרינגען. אין אָנהויב איז זיין ציניזשער שפאס א ביטערער ערנסט ; אויף פאוסט'ס פאטהאָס פון הויכע געפיהלען, ענטפערט ער אויך מיט פאטהעטישען שפאָט, אָבער אין די שפעטערע סצענען, און איבערהויפט אין צווייטען טהייל ווערט ער א מעהר ערפינדערישער טייפעל, און זיין ציניזם נעמט אָן די פאָרם פון קלוגער סאטירע.

## ווידמונג. (1)

איהר דערנעהנט אייך ווידער פלאטערנדע געשטאלטען,
וואס איהר אמאל געציינט זיך האט מיין טריעבען בליק!
זאל איך דאס מאל פרוביערען, אייך פעסט צו האלטען?
איז מיין הארץ צו יענעם חלום נאך געניינט?
איהר דרענגט אייך צו! נו, זאלט איהר הערשען,
ווי איהר ארום מיר שטייגט ארויס פון פארע און נעבעל;
ווידער ציטערט אויף מיין ברוסט מיט יוגענדליכען פייער
פון דעם צויבער־סוד וואס הילט איין אייער בשוף־צוג.

פון שעהנע טעג מיר בילדער ברענגט איהר מיט אייך מיט,
און מאנכע ליעבע שאטענס געהען אויף;
ווי אן אלטע האלב פארגעסענע לעגענדע,
קומט ערשטע ליעבע מיט פריינדשאפט ביי דער האנד;
דער וועה ווערט ניי, און ווידער קלינגט דאס טרויערליעד
פון א פארווירטען און פארדרעהטען לעבענסלויף,
און רופט די ליעבע, וועלכע אבגענארט פון גליק
מיט שעהנע שטונדען, איז פון מיר אוועק.
זיי הערען מעהר נישט די וויטערע געזאנגען,
די נשמות, פאר וועלכע 'ך האב צוערשט געזונגען;
פארשוואונדען איז דער ליעבליכער געדראנג,
געשטארבען, אך! דער ערשטער ווידערקלאנג.
מיין ליעד קלינגט יעצט דער אונבעקאנטער מאסע,
אפילו פון איהר בייפאל טהוט מיין הארץ מיר וועה,
און דאס וואס האט אמאל דערפרעהט מיין ליעד,
אויב עס לעבט נאך, בלאנדזשעט אין דער וועלט ארום.

מיך נעמט אַרום אַ לאַנג פֿאַרגעס'נע בענקשאַפֿט,
נאָך יענעם שטילען, ערנסטען נשמה-לאַנד:
עס שוועבט נאָך יעצט אַרום, מורמלענדיג, מיין ליעד
אין זאַנפֿטע, אונבאַשטימטע האַרפֿען-טענער.
מיך שוידערט אויף און עס רינען לאַנגזאַם טרערן,
דאָס שטרענגע האַרץ, עס פֿיהלט זיך מילד און ווייך,
וואָס איך באַזיץ זעה איך ווי'ן דער ווייטקייט,
און ווירקליכקייט ווערט דאָס וואָס איז פֿאַרשוואונדען.

## פאַרשפּיעל אויף דער ביהנע. (2)

---

דירעקטאָר. טהעאַטער־דיכטער. לוסטיגע פּערזאָן

ד י ר ע ק ט אָ ר.

איהר ביידע, וועלכע זענט מיר אַזוי אָפט
אין נויט און קומער בייגעשטאַנען
זאָגט, וואָס איהר אין דייטשען לאַנד
פון אונזער אונטערנעהמונג האָפט?
באַפריעדיגען די מאַסע וויל איך,
ווייל זי לעבט און לאָזט אַ צווייטען לעבען.
די סלופּעס זיינען אויפגעשטעלט, די ברעטער צוגע־
שלאָגען (3)

און מען ערוואַרטעט שוין דעם פעסט.
מיט אויפגעהויבענע ברעמען זיצען זיי שוין,
שטיל, און ווילען ווערען ערשוינט.
ווי מען שטעלט דאָס פאָלק צופריעדען ווייס איך,
דאָך אַזוי פארצווייפעלט בין איך קיינמאָל נישט געווען.
אמת, צום בעסטען זענען זיי נאָך נישט געוואוינט,
זיי האָבען אָבער זעהר אַ סך געלעזען.
ווי מאַכט מען, אַז אלעם זאָל אַרויסקומען
פריש ,אינטערעסאַנט און ניי, און באַלעהרענד נאָך דערצו?
ווייל איך האָב ליעב צו זעהען ווי די מאַסע,
ווי די כוואַליעס, שטראָמט צו אונזער בודקע צו,
און מיט געפילדער און געשרייען
שטופּט זיך דורך דעם ענגען טהירל,
נאָך פאַר פיער, ווען ׳ם ווערט נאָר ליכטיג,

צו דער קאַסע, מיט אַ ליאַרעם און מיט שטויסען,
ווי׳ן אַ הונגער פאַר דער טהיר פון בעקערייען,
און ברעכט דעם האַלז צו קויפען אַ בילעט.
באַצויבערן אַזוי דאָס פאָלק, דאָס קען
דער דיכטער נאָר; אָ, טהו׳ס אויך היינט מיין פריינד!

## דיכטער.

אָ, רעד מיט מיר נישט פון יענער לוסט׳גער מאַסע,
ביי וועמענס אָנבליק עס ווארשווינדט דער גייסט.
פארשטעל מיר, דעם ווי כוואַליעס פליסענדעם געדרענג
וואָס רייסט אונז אין זיין דרעה-שטראָם געגען
אונזער ווילען מיט.
נייז, פיהר מיך אין די שטילע הימעלס צעלטען,
וואו עס בליהט נאָר בלויז דעם דיכטער׳ס פרייד,
וואו ליעב׳ און פריינדשאַפט אין אונז׳רע הערצער
ווערט פון אַ געטער האַנד געפלאַנצט און געפלע
אַך, דאָס וואָס שטראָמט פון אונזער ברוסט אַרויס
און עס מורמלען עס פארשעהמט די ליפּען,
נישט געראָטהען, און ווידער באַלד געלונגען,
פארשלינגט דעם ווילדען אויגענבליק׳ס געוואַלד.
ערשט, ווען ׳ס האָט יאָהרען דורכגעדרונגען,
ערשיינט עס אין פאָלקאָמענער געשטאַלט.
דאָס גלאַנציגע איז פאַר דעם אויגענבליק געבוירען;
דאָס עכטע בלייבט דער נאָכ-וועלט נישט פארלוירען

## לוסטיגע פּערזאָן.

איך וויל פון נאָכ-וועלט גאָרנישט הערען!
און זאָל איך שוין פון נאָכ-וועלט רעדען,
ווער וועט יעצט מאַכען שפּאַס דער וועלט?
זי וויל איהם דאָך, נו, זאָל זי איהם האָבען.
די געגענוואַרט פון אַ גוטען אינגעל
איז אויך, דאַכט מיר עטוואָס ווערטה.

ווער עס פאַרשטעהט נאַר זיך צו האַלטען,
דעם ערגערט נישט דעם פאָלק׳ס קאַפּריז.
ער זוכט אַלץ מעהר אַ גרעס׳רע מאַסע
אום זי שטאַרקער אויפצושווידערן.
דארום גיט אַכטונג ווייזט אייך מייסטערהאַפט;
לאָזט פאַנטאַזי מיט אַלע איהרע כאָרען,
שכל, ליידענשאַפט, געפיהל, פאַרשטאַנד,
הערען, אָבער, מערקט אייך, נישט אָהן נאַרישקייט.

## דירעקטאָר.

נו, שוין גענוג געהאַמפּערט זיך!
מען קומט שוין זעהן, מען וויל בלויז זעהן!
ווען איהר קענט עפענען זיי די אויגען
אַזוי, אַז די מאַסע זאָל גאַפען און שטוינען,
דאַן האָט איהר געוואונען אַרום און אַרום,
און זענט אַ פּיעלגעליעבטער מאַן.
די מאַסע קענט איהר נאַר מיט מאַסע באַזיגען;
עס זוכט זיך אויך, ענדליך איעדער וואָס אוים.
ווער עס ברענגט פיעל, ברענגט עטוואָס פאַר יעדען;
און אַלע דאַן געהען אַהיים זיך צופריעדען.
גיט איהר אַ שטיק, טו, גיט עס גלייך אין שטיקער,
אַן איינגעהאַקטס פון שטיקער, און ׳ס מוז אייך גליקען.
עס איז לייכט געגעבען, אַזוי לייכט ווי אויסגעטראַכט.
וואָס העלפט אייך ווען איהר ברענגט אַ גאַנצע זאַך?
די מאַסע וועט עס סיי ווי סיי צעפליקען

## דיכטער.

איהר פיהלט נישט, ווי ניעדריג, אַזאַ ארבייט איז!
ווי ווייניג עס דעם עכטען קינסטלער באַפריעדיגט!
ביי אייך איז יעדע שמירעריי,
ווי איך זעה, שוין אַ יסוד.

## דירעקטאָר.

אַזאַ מין פּאַרוואורף קרענקט מיך נישט;
אַ מאַן וואָס דענקט וואָס רעכטס צו שאַפען,
מוז דאָס בעסטע ווערקצייג האָבען.
באַדענקט, איהר האָט בלויז ווייכעס האָלץ צו שפּאַלטען,
און זעהט פאר וועמען איהר דאַרפט שרייבען!
ווען איינער קומט בלויז וויל איהם לאַנגווייל̈ט,
קומט, פון פיעל עסען, איבערזעטיגט יענער,
און, וואָס דאָס אַלערערגסטע איז,
איינער קומט פון לעזען טעגליכע זשורנאַלען.
צעלאָזען, ווילד, קומט מען צו אונז ווי צו אַ מאַסקאַראַד,
און נייגיער בלויז באַפליגעלט יעדען שריט.
די דאַמען פוצען אוים זיך אין די שעהנסטע קליידער,
און שפּיעלען, גאָר אָהן לוין, מיט.
וואָס חלומ'ט איהר אין אייער דיכטער-הויכקייט?
וואָס מאַכט אַ פול הויז אייך דען גליקליך?
באַטראַכט דעם עולם פון דער נאָהענט!
איין העלפט איז גראָב די צווייטע קאַלט.
דער, נאָך דעם טהעאַטער געהט צו קאָרטען,
דער צו אַ ווילדער נאַכט ביי דעם בוזעם פון אַ הור.
צו וואָס, נאַראָנים, פּלאָגען נאָך
פאַר אַזאַ צוועק די ליעבע מוזען?
הערט מיך אוים, גיט אַ סך נאָר, אימער מעהר און מעהר,
דערמיט וועט איהר אייער ציעל דערגרייכען,
זוכט בלויז די מענשען צו פאַרוויערען,
זיי באַפריעדיגען איז שווער —
וואָס פיהלט איהר יעצט? ענטציקונג אָדער שמערצען?

## דיכטער.

געה זוך אַן אַנדער שקלאַף דיר אוים!
זאָל דער דיכטער דען זיין העכסטעס רעכט.

דאָס מענשען-רעכט, וואָס די נאַטור געשענקט האָט איהם,
לייכטזיניג דיר צוליעב פארשווענדען?
מיט וואָס באַוועגט ער אַלע הערצער?
מיט וואָס באַזיעגט ער יעדען עלעמענט?
איז דאָס נישט די האַרמאָני וואָס רייסט זיך פון זיין
ברוסט אַרויס,
און ציהט אַריין די וועלט צוריק אין הארצען?
ווען די נאַטור, דעם עביג לאַנגען פאָדעם,
אויף דעם שפּינראַד קאַלט זיך וועבט,
ווען אונהאַרמאָניש קלינגט צוזאַמען
אַלץ וואָס אַטהעמט, אַלץ וואָס לעבט
ווער נעהמט די פליעסענד גלייכע רייהען
און מאַכט זיי ריטמיש זיך באַוועגען?
ווער ברענגט דאָס איינצעלנע צו דער קדושה פון דעם גאַנצען,
דאָרט וואו הערליכע אַקאָרדען קלינגען?
ווער באפעהלט דעם שטורעם ליידענשאַפטליך ברויזען,
און ערנסט גליה'ן דעם אבענד-רויט?
ווער באַשפּרייט מיט פריהלינגס-בליטהען
דער געליעבטער'ס וועגען?
ווער פלעכט די אונבעדייטענד גרינע בלעטער
אַלס עהרענקראַנץ צו יעדענס פאַרדיענסט?
ווער האַלט זיכער דעם אַלימפּוס, און פאַראייניגט געטער?
דעם מענשענס קראַפט וואָס אין דיכטער איז אַנטפּלעקט.

## לוסטיגע פּערזאָן.

נעם-זשע זיי, די שעהנע קרעפטען
און געברויך זיי צו דיין דיכטעריש געשעפט,
ווי צו אַ ליעבעסאַבענטייער!
מען דערנעהנט זיך דורך אַ צופאַל, מען פיהלט, מען בלייבט,
ביז מען פלעכט זיך דאַן צוזאַמען.
עס וואַקסט דאָס גליק, עס ווערט צעשטערט,
מען איז ענטציקט, דאַן קומט דער שמערץ,

און מיט אַמאָל, ׳ס איז פאַרטיג אַ ראָמאַן.
לאָמיר אויך אַזאַ מין שוישפּיעל געבען!
דרינגט נאָר טיעף אַריין אין מענשענלעבען!
יעדער לעבט, דאָך ווייסען עס נישט אַלע.
און וואו איהר זאָלט׳ס נישט גרייפען איז אינטערעסאַנט.
ווייניג דייטליכקייט אין פּיעלע-פאַרב׳גע בילדער,
אַ סך פאַלשקייט מיט אַ פונק פון אמת,
אַזוי ווערט דער בעסטער טראַנק געשאַפען,
וועלכער קוויקט און באַלעבט די גאַנצע וועלט.
דאַן זאַמלען זיך די שעהנסטע יוגענד-בליטהען,
צו דעם שפּיעל און ערוואַרטען די אַנטפּלעקונג,
דאַן זויגען אַלע צערטליכע נשמות
פון איי׳ר ווערק מעלאַנכאָל׳שע נאַהרונג איין,
עס ווערט באַלד דער, באַלד יענער אויפגערעגט,
און יעדער זעהט וואָס ער אין הארצען טראָגט.
נאָך זענען זיי אַלע צום וויינען און לאַכען בערייט,
זיי פאַרעהרען נאָך דעם שוואונג, און פרעהען זיך ביים גלאַנץ;
וועם שוין פ אַ ר ט י ג איז, דעם קען מען גאָרנישט העלפען,
אָבער דער וואָס האַלט אין ו ו ע ר ן — דער איז אימער דאַנקבאַר.

## ד י כ ט ע ר.

ווידער גיעב צוריק די צייטען מיר
ווען איך האָב געהאַלטען נאָך אין ו ו ע ר ן,
ווען אַ קוואַל פון נייע יוגענד ליעדער
ווערט געבוירען פול מיט דראַנג,
ווען נעבעל האָט מיר נאָך די וועלט פאַרהילט,
די קנאָספּען וואונדער נאָך פאַרשפּראָכען,
ווען טויזענד בלומען האָב געפּליקט איך,
וואָס פאַרציערט די טהאַלען האָבען.
גאָרנישט האָב איך דאַן געהאַט, און דאָך גענוג!

די בענקשאַפט נאָך נאָך וואהרהייט. צו בעטרוג צו לוסט.
גיעב דאָס ווילד-פאַרלאַנגען מיר,
דאָס טיעפע וועהמוטספולע גליק,
די קראַפט פון האַס, די מאַכט פון ליעבע,
גיעב מיין יוגענד מיר צוריק!

## לוסטיגע פּערזאָן.

דאַרפסט יוגענד, זיכער, ליעבער פריינד.
ווען שונאים צווינגען דיך אין שלאַכט צו געהן.
ווען מיט געוואַלד אַרום דיין האַלז
זיך שעהנע, ליעבע מיידלעך הענגען,
ווען פון ווייטענס ווינקט דער קראַנץ דיר
צו דיין שוועהר דערגרייכטען זיעג,
ווען נאָך דעם ווילדען ווירבעל טאַנץ
מען טרינקט אַוועק די נעכט אין לוסט.
דאָך אין בעקאַנטען האַרפּענשפּיעל
מיט קראַפט און מוט מיטצושפּיעלען,
נאָך אַ זעלבסטבעוואוסטען ציעל,
דאָס, אַלטע הערן איז אייער פליכט,
דאַן גיעבען מיר אייך כבוד אָב.
די עלטער מאַכט נישט קינדיש, ווי מען זאָגט,
זי געפינט אונז בלויז אַלס גוטע קינדער וויעדער.

## דירעקטאָר.

דאַכט זיך שוין גענוג גערעדט;
לאָזט מיך אויך יעצט אַרבייט זעהן!
אנשטאָט צו דרעקסלען לויב גען ויב גען אַנגען,
קען עטוואָס ניצליכעס געשעהן.
וואָס דאַרף מען יעצט פון שטימונג רעדען?
זי ערשיינט קיינמאָל דעם צווייפלער.
איהר באַהויפּטעט איהר זענט דיכטער,

נו, באהערשט די פּאָעזי.
׳ס איז באַקאַנט אייך, וואָס מיר דאַרפעז,
מיר ווילען עטוואָס שאַרפעס טרינקען,
נו, הייבט אָן מישען דעם געטראַנק!
וואָס היינט ווערט נישט געטהאָן, קען מאָרגען נישט געשעהן.
מיט גאָרנישט דאַרף קיין טאָג פאַרגעהן:
זאָל דער באַשלוס די געלעגענהייט נאָר האלטען,
וויל ער זי מעהר נישט לאָזען געהן,
און שאַפט שוין ווייטער ווייל ער מוז.
איהר ווייסט, אויף אונז׳רע דייטשע ביהנעס,
פּרובירט איעדער וואָס ער וויל;
שפּארט מיר היינט דערפאר נישט איין
מאַשינעריי און דעקאָראַציעס.
געברויכט דאָס גרויסע און דאָס קליינע הימעלסליכט,
שטערן מעגט איהר אויך פארשווענדען;
פעלזענוואַנד און פייער, וואַסער,
און פויגלען, חיות פעהלען נישט.
עס ווערען וואַנדלען אין אונזער ענגען ברעטער-הויז
די גאַנצע וועלט מיט שעפּפונגען,
און מיט איבערלעגטער שנעלקייט שוועבען
אין גהינם, דורך דער וועלט פון הימעל.

## פראלאג אין הימעל. (4)

---

**דער אלמעכטיגער. די צבאות. דאז מעפיסטאפעלעס**

**(די דריי מלאכי הפנים טרעטען פאר)**

ר פ א ל.

עס זינגט די זון לויט אלטען סדר (5)
אין הימעלס-קערפערס וועט-געזאנג,
און איהר פארגעשריעב'נע רייזע
ענדיגט זי מיט דונער-קלאנג.
איהר אנבליק גיט מלאכים כח,
און קיינער קען זי נישט פארשטעהן;
די אונבאגרייפליך גרויסע מעשים,
זו'אין ערשטען טאג נאך פראכטפול שטעהן.

ג ב ר י א ל.

און שנעל, און שנעל, גאנץ אונבאגרייפליך
דרעהט די ערד זיך אין איהר פראכט;
עס בייט זיך אום גן-עדן ליכט
מיט טיעפער שוידערהאפטער נאכט.
עס שוימט דער ים אין ברייטע וועלען
פון טיעפען גרונד צום פעלז ארויף,
און פעלז און ים ווערט מיטגעריסען
אין עביג שנעלען ספערענלויף.

מ י כ א ל.

און שטורעמס ברומען, ברויזען ווילד,
פון לאנד צו ים, פון ים צו ברעג,

און בילדען צאַרנענדיג אַ קייט
פון טיעפסטער ווירקונג פול מיט שרעק.
באלד פלאַמט אַ בליצענדע פארניכטונג
אויף, אויף ד'הם וועג פון דונערגאנג;
דאָך לויבען די שלוחים דיינע,
גאָט, פון דיין טאָג דעם זאַנפטען גאַנג.

## אַ ל ע ד ר י י.

דער אָנבליק גיט מלאכים כח,
דאָך קען דיך קיינער נישט פארשטעהן,
און אַלע דיינע גרויסע מעשים,
ווי'אין ערשטע טאָג נאָך פראַכטפול שטעהן.

## מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

אַזוי ווי דו נעהענסט זיך ווידער, אָ, האר,
און פרעגסט ווי אַלעס געהט ביי אונז,
און אַזוי ווי געוועהנליך דו זעהסט מיך דאָך גערן,
זעהסט דו אויך יעצט מיך צווישען די דיענער.
זיי מיר מוחל, 'ך קען קיין הויכע ווערטער רעדען,
אויך ווען אַלע זאָלען פון מיר שפּעטען.
'ם וועט מיין פּאַטהאָס דיך צום לאַכען ברענגען,
אויב דו האָסט פון לאַכען זיך נישט אָבגעוועהנט.
פון זון און וועלטען וויים איך גאַרנישט וואָס צו זאָגען,
איך זעה נאָר ווי עס פּלאָגען זיך די מענשען.
דער קליינער וועלט-גאָט בלייבט אַלץ איינער און דער זעלבער,
און איז פונקט אַזוי קאַפּריזנע ווי אין ערשטען טאָג.
אַביסעל בעסער וואָלט ער לעבען
זאָלסט איהם נישט דאָס הימעלסליכט געווען געגעבען;
שכל רופט ער דאָס, און געברויכט עס
אום נאָך חיה'שער ווי יעדעס טיער צו זיין.

ער זעהט מיר, מיט ערלויב׳ניש פון אייער גנאדע,
ווי א היישרעק אוים מיט לאנגע פים,
וואס שטענדיג פליהט, און פליהענדיג שפרינגט
און זינגט אין גראז זיין ליעדעל;
און וואלט ער כאטש אין גראז געלעגען!
אין לוזשעס וואלט ער מיט זיין נאז געקראכען.

דער אלמעכטיגער.

האסט דו גארנישט ווייטער מיר צו זאגען?
קומסט דו אלץ נאך אימער אנצוקלאגען?
געפעלט דיר אלץ נאך גארנישט אויף דער ערד?

מעפיסטאפעלעס.

ניין, אלמעכטיגער, איך געפין עס דארט, ווי תמיד, שלעכט.
דעם מענשענס ליידען ריהרט אפילו מיך;
די ארימע, איך וויל אפילו זיי נישט פלאגען.

דער אלמעכטיגער.

קענסט דו פאוסט?

מעפיסטאפעלעס.

דעם דאקטאר?

דער אלמעכטיגער.

מיין קנעכט!

מעפיסטאפעלעס.

אמת, אויף א מערקווירדיגען אופן דיענט ער אייך.
נישט אירדיש איז דעם נאר׳ס געטראנק און שפייז.

אין דער ווייטקייט טרייבט זיין גייסט איהם;
איז זיך, פון זיין משוגעת האלב באוואוסט:
פון הימעל פאדערט ער די שעהנסטע שטערן,
און פון דער ערד די העכסטע לוסט,
און נישט נאהענטקייט, נישט די ווייטקייט
שטעלט דעם שטורעם פון זיין ברוסט צופריעדען.

דער אלמעכטיגער.

ווען ׳ס איז אונקלאהר נאך זיין דיענען מיך,
וועל איך איהם באלד אין קלאהרקייט ברענגען.
עס ווייסט דער גערטנער, ווען דאס בלימעל בליהט,
אז שפעטער וועלען עס פרוכטען ציערען.

מעפיסטאפעלעס.

וואס וועט איהר, איהר זאלט דעם נאך אויך פארליערע׳
אויב איהר וועט מיר נאר ערלויבען
איהם אויף מיינע וועגען פיהרען.

דער אלמעכטיגער.

אזוי לאנג ווי ער אויף דר׳ערד לעבט,
אזוי לאנג זיי׳ס דיר נישט פארבאטען.
עס בלאנדזשעט דער מענש ׳זוי לאנג ער שטרעבט.

מעפיסטאפעלעס.

איך דאנק אייך; ווייל מיט טויטע
האב איך קיינמאל ליעב געהאט צו טהון.
אם ליעבסטען זיינען מיר די פולע, פרישע באקען.
פאר טויטע בין איך אין דער היים נישטא;
מיר געהט עס אימער ווי מיט קאץ און מויז.

## דער אַלמעכטיגער.

גענוג, עס איז דיר אַלץ ערלויבט!
ציה אָב דעם שטראם פון אַלטען קוואל,
און פיהר איהם, אויב דו קענסט נאָר,
אויף דיין קרומען וועג אַראָב.
און בלייב פארשעהמט ווען דו וועסט מוזען זאָגען:
אַ גוטער מענש איז אין זיין טונקלעם לעבען
זיך באוואוסט פון רעכטען וועג.

## מעפיסטאָפעלעס.

גוט, גוט! עס וועט נישט נעהמען לאַנג.
מיר טהוט פאַר מיין וועטען זיך נישט באַנג.
ווען איך אָבער וועל מיין ציעל דערגרייכען,
טריאומפירען וועט איהר לאָזען מיך מיט פולער ברוסט.
פרעסען זאָל ער שטויב מיט לוסט,
ווי אַמאָל מיין מוהמע, די באריהמטע שלאַנג.

## דער אַלמעכטיגער.

אויך דאָס איז דיר ערלויבט צו טהון.
׳ך האָב דיינגלייכען קיינמאָל נישט געהאַסט.
פון אַלע די פאַרנייגונגס גייסטער,
איז צום וועניגסטען דער שטיפער מיר צו לאַסט.
שוואַך דעם מענשענ׳ס טהעטיגקייט קען ווערן,
און פארלאַנגען די לאַנג געווינשטע רוה.
דערפאַר גיעב איך מיט פארגעניגען איהם אַ חבר
וועלכער רעגט און ווירקט, און מוז, אַלס טייפעל שאַפען. (6)
אָבער איהר, איהר עכטע הימעלס־קינדער,
פרעהט אייך מיט דעם עביג רייכען שעהנעם.
דאָס ווערענדע, וואָס עביג ווירקט און לעבט,

זאָל מיט ליעבע צערטליך אייך אומאַרמען,
און וואָס אין אונזיכערער ערשיינונג שוועבט,
באַפעסטיגט מיט עביג־בלייבענדע געדאַנקען.

(דער הימעל שליעסט זיך, די צבאות צוטהיילען זיך).

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

(אליין).

'ך ליעב פון צייט צו צייט צו זעהן דעם אַלטען,
און היט מיך זיך מיט איהם צו קריעגען.
'סאיז ווירקליך שעהן פון אַזאַ גרויסען האַר
צו רעדען אַזוי מענשליך מיט דעם טייפעל.

I.

# נ אַ כ ט. (7)

(אין אַ ענגען הויף־געבויטען גאָטישען צימער זיצט פ א ו ס ט
אינרוהיג אויף אַ שטוהל ביי אַ טיש).

האָב שוין, אַך, פילאָזאָפי,
אויך געזעץ און מעדיצין,
און, ליידער, אויך טהעאָלאָגי
דורכשטודיערט מיט גרויסער מיה!
יעצט שטעה איך דאָ, איך אָר'מער נאַר,
און בין קלוג אַזוי ווי פריהער;
איך הייס מייסטער, הייס אויך דאָקטאָר,
און פיהר אַזוי שוין פיעלע יאָהרען,
אַרויף, אַראָפּ, און קווער און קרום
מיינע שילער ביי דער נאָז אַרום.
און זעה ערשט אַז מיר קענען גאָרנישט וויסען!
עס ווערט איינפאַך מיין הארץ צעריסען.
אמת, איך בין קליגער פון די אַלע פראַנטען,
דאָקטוירים, גלחים און מייסטער און שרייבער,
מיך פּלאָגט אויך קיין ספק, מיך פּלאָגט נישט קיין צווייפעל,
האָב אויך קיין מורא פאַר גהינם און טייפעל!
דערפאר האָב איך אַלע פאַרג'ניגענס פארלוירען.
איך רעד מיר נישט איין עטוואָס גוטעס צו וויסען,
איך רעד מיר נישט איין אַז איך קען יענעם לערנען,
די מענשען צו בעסערן, צום גוטען באַקעהרען.
איך האָב נישט קיין גיטער און האָב נישט קיין געלד,
נישט קיין כבוד, נישט די הערליכקייט פון דער וועלט.
אפילו אַ הונד קען אַזוי ווייטער נישט לעבען!

דערפאר גיעב איך אָב זיך מיט כשוף,
צו זעהען אויב דורך דער קראַפט און מויל פון גייסט
עס ווערט זיך אַנטפּלעקען אַ סוד מיר אַ נייער,
איך זאָל נישט מעהר, מיט ביטערען שוויים,
מוזען אַלץ זאָגען נישט וואָס איך וויים,
און זאָל זיך באקענען מיט דעם וואָס די וועלט
האַלט זיך אינערליך צוזאַמען,
זעהן די ווירקונגס־קראַפט, דעם  ק ע ר ן,
און מעהר זיך נישט גריבלען אין ווערטער.

אַך, וואָלסט דו ליכטיג־צערטליכע לבנה
אויף מיין פּיין צום לעצטען מאָל געבליקט,
וואָס 'ך האָב שוין נישט איין מיטערנאַכט
ביי דעם טיש דאָ, דורכגעוואַכט!
דאַן ביזט דו, איבער ביכער און פּאַפּיער,
מיין טרויעריגער פריינד, ערשיענען מיר.
אַך, ווי וואָלט איך אויף הויכע בערג
געוואָלט אַרומגעהן אין דיין צאַרטען ליכט,
אַרום הייהלען מיט גייסטער אומצושוועבען,
אויף לאָנקעס שוועבען ביי דיין אונטערגעהן,
פון גאַנצען וויסענס־שוויים באפרייט
געזונד מיך באָדען אין דיין טהוי!

וועה! בין איך אַלץ אין תפיסה נאָך?
פינסטער, שוואַרץ און דומפּיג לאָך,
וואו 'ס שיינט אַריין דאָס הימעלס־ליכט
טריעב דורך געמאָהלטע פענסטער!
מיט דעם הויפען ביכער אָבגעצאַמט,
וואָס ווערים פרעסען, שטויב באַדעקט,
וואָס ביז אויבען, ביז צום באַלקען,
איינגעהיהלט איז אין פּאַפּיער.
אַרומגעשטעלט מיט שאַכטלען, גלעזער,
אָנגעפילט מיט אינסטרומענטען, (8)

אָנגעשטאָפּט מיט אַלטען מעבעל,
דאָס איז דיין וועלט! דאָס הייסט אַ וועלט!

און פרעגסט דו נאָך ווארום דיין הארץ
פּרעסט און קלעמט דיך אין דיין ברוסט?
וואַרום אַן אונערקלעהרטער וועה
פּארצוימט דיין יעדען לעבענס-קאַמפּף?
אנשטאַט די לעבעדיגע נאַטור
אין וועלכער גאָט דעם מענש באַשאַפען האָט,
רינגעלט גאָר אַרום דיך, רויך און שימעל,
חיות-ריפּען, מענשען-ביינער. (9)

פליה אויף! אַרויס אין וויטען לאַנד!
איז דען דאָס געהיימניספולע בוך,
פון נאָסטראַדאַמוס'ס אייג'נער האַנד, (10)
דיר אַלס באַגלייטער נישט גענוג?
דערקענסט דאַן גלייך דעם שטערן-לויף,
און ווען עס לערנט דיך די נאַטור,
שטייגט אויף אין דיר די זעעלען-קראַפט,
און רעדט ווי איין גייסט צום אַנדערן.
אומזיסט! 'ס וועט דיר יעצט דאָס טרוקענע דענקען
די הייליגע צייכענס ערקלעהרען:
גייסטער, וואָס איהר שוועבט אַרום מיר יעצט,
אויב איהר הערט מיך, ענטפערט מיר!

(ער עפענט דאָס בוך און דערזעהט דעם צייכען פון
דעם מאַקראָקאָסמוס.) (11)

אַ! ביי דעם אנבליק וויפיעל לוסט עס פליעסט
מיט אַמאָל דורך אַלע מיינע חושים!
איך פיהל אַ יונג- און הייליג לעבענסגליק,
ניי גליהענדיג, דורך נערוו'ן און אָדערן פליעסען,
האָט אַ גאָט די צייכענס אויפגעשריעבען,

וואָס מיין אינערליכען שטורעם שטילען,
מיין אָרים האַרץ מיט פריידען פילען,
און מיט געהיימניספולען כח
מיר אַנטפּלעקט די קראַפט פון דער נאַטור?
בין איך אַ גאָט? אַלץ ווערט מיר אַזוי קלאָהר!
אין די קלאָהרע צייכענס זעה איך,
ווי'ס ליגט פאר מיין נשמה, די שאַפענדע נאַטור.
יעצט פאַרשטעה איך וואָס דער חכם זאָגט:
„די גייסטער-וועלט איז נישט פאַרשלאָסען,
„פאַרשלאָסען, דיינע חושים זענען, און דיין האַרץ איז טויט!
„אויף, שילער, אונערמיעדליך באָד
דיין ברו··· אין זאַנפטען מאָרגענרויט."

(ער באטראַכט דעם צייכען).

ווי אַלעס זיך צום גאַנצען וועבט,
איינס אין צווייטען ווירקט און לעבט!
עס שטייגען די הימלישע קרעפטען אַרויף און אַראָב
און איינע דער צווייטער די גאָלדענע עמערס דערלאַנגט,
שוועבענדיג מיט זעגען-דופט
פון הימעל צו דער ערד אַראָב
קלינגענדיג האַרמאָניש דורך דאָס ג אַ נ צ ע!

וואָס פאַר אַ שפּיעל! אָבער, אַך, בלויז נאָר אַ שפּיעל!
וואו זאָל איך גרייפען דיך, אונענדליכע נאַטור?
אייך ברוסטען, וואו? איהר קוואַלען פון דעם לעבען
אויף וועמען עס הענגען די הימלען און די ערד,
וואוהין די קראַנקע ברוסט זיך דרענגט —
זאָל אומזיסט איך שמאַכטען, ווען איהר קוועלט און נעהרט?

(ער עפענט ניט ווילענדיג אויף דאס בוך און דערזעהט
דעם צייכען פון דעם ערדגייסט) (12)

ווי דער צייכען אַנדערש אויף מיר ווירקט!
··, ערד-גייסט, דו ביזט נעהענטער צו מיר.

שוין פיהל איך מיינע קרעפטען שטארקער,
שוין ברען איך ווי פון נייעם וויין.
מוט האָב איך שוין אין דער וועלט צו וואגען,
דעם וועה און גליק דער ערד'ס צו טראַגען,
אויך צו קעמפפען מיט די שטורעמס,
און אין קראכען פון דעם שיף-ברוך נישט צו שרעקען.
עס פאַרוואָלקענט איבער מיר זיך —
די לבנה באַהאַלט איהר ליכט —
דער לאָמפ פארשווינדט!
עס דאַמפפט! — עס בליצען רויטע שטראַהלען
מיר אַרום דעם קאָפּ! עס שוועבט אַראָב א שוידער
און ער כאַפּט מיך אָן!
גערופ'נער גייסט, איך פיהל דו שוועבסט אַרום מיר!
אַנטפּלעק דיך!
אָ! ווי עס רייסט מיר אין האַרצען!
צו נייע געפיהלען
ערשיטערן זיך מיינע חושים!
איך פיהל מיין האַרץ געהערט אין גאַנצען דיר!
דו מוזט! דו מוזט! און קאָסט עס אויך מיין לעבען!

(ער נעמט דאס בוך און זאָגט געהיימניספפול דעם צייכען
פון דעם גייסט. עס בליצט אויף א רויטליכער פלאַם,
דער גייסט ערשיינט אין פלאַם).

ג י י ס ט.

ווער רופט מיך?

פ אַ ו ס ט (אבגעקעהרט).

ווי שרעקליך!

ג י י ס ט.

האָסט מיט קראַפט מיך צוגעצויגען
לאַנג גענעהרט זיך ביי מיין רוים,
און יעצט —

פ אַ ו ס ט.

וועה, איך קען דיך נישט פאַרטראָגען!

ג י י ס ט.

האַרצקלאַפּענדיג בעטסט דו מיך צו זעהן,
מיין שטימע צו הערען, מיין פּנים צו זעהן;
מיך ריהרט דיין קרעפטיג נשמה־געבעט,
דאָ בין איך! און אַ קליינליכדיגע שרעק
כאַפּט אָן דיך איבערמענש! וואו איז דיין זעעלען־רוף?
וואו איז די ברוסט וואָס האָט אַ וועלט געשאַפען זיך,
אויסגעטראָגען און ערצויגען, וואָס מיט פרייד
געקוואָלען האָט מיט אונז זיך, גייסטער, צו דערהייבען?
וואו ביזט דו, פאַוסט, וועמענס שטימע ד'האָב געהערט,
און צו מיר געקלאַמערט זיך מיט פולער קראַפט?
ביזט דו דאָס, וועלכער ביי מיין אָטהעם בלויז,
ציטערט אויף מיט אַלע אברים,
ווי אַ שרעקעדיגער איינגעקרומטער וואָרעם?

פ אַ ו ס ט.

זאָל איך וויכען, פלאַמען בילד, פאַר דיר?
איך בין עס, פאוסט, בין דיינגלייכען!

ג י י ס ט.

אין לעבענסשטראם, אין שטורם פון טהאַט, (13)
שוועב איך אַרויף און אַראָב,
און וועב אַהין און אַהער!
געבורט און טויט,
אַן עביגער ים,
אַ בייטענדעס וועבען,
אַ גליהענדעס לעבען,
אַזוי וועב איך ביים רוישענדעם וועבשטוהל פון צייט,
און שאַף פאר דער גאָטהייט אַ לעבעדיג קלייד.

פ אַ ו ס ט.

דו, וועלכער שוועבסט די גאַנצע וועלט אַרום,
באַשעפטיגטער גייסט ווי נאָה'נט פיהל איך מיך דיר!

ג י י ס ט.

דו ביזט עהנליך צום גייסט, וואָס דו פאַרשטעהסט
נישט צו מיר! (פאַרשווינדט).

פ אַ ו ס ט.

נישט דיר?
וועמען דען?
איך, צלם אלהים!
און נישט אפילו דיר?

(עס קלאַפּט)

אַ, טויט! איך ווייס, דאָס איז מיין פאַמולוס, (14)
דאָס שענסטע גליק מיינס ווערט צושטערט!
די גאַנצע שעהנקייט פון מיין חלום
מוז דער קריכער מיר צושטערען!

(וואַגנער ערשיינט אין אַ שלאָפראָק און אַ נאכט־מיצעל, מיט אַ לאָמפּ אין דער האנד. פ אַ ו ס ט דרעהט זיך, נישט ווילנעדיג אום).

ו ו אַ ג נ ע ר. (15)

פאַרצייה'ט! 'ך האָב געהערט אייך דעקלאַמירען,
אודאי אַ גריעכישע טראַגעדיע.
אויך פון דער קונסט וואָלט איך עטוואָס וועלען לערנען;
'ס איז היינט ווירקליך זעהר פיעל ווערטה.
'ך האָב געהערט אויך גאַנץ אָפט זאָגען,
אַ קאָמעדיאַנט וואָלט'ס געקענט אַ גלח לערנען.

פ אָ ו ס ט.

יא, ווען דער גלח איז אַ קאָמעדיאַנט ;
ווי עס מאַכט זיך מאַנכעס מאָל.

ו ו אַ ג נ ע ר.

אַך, ווען מען איז געבונדען נאָר אין זיין מוזעאום,
און זעהט די וועלט קוים אין אַ יום-טוב,
דורך אַ גלאָז, און קוים פון ווייטענס,
ווי קען מען זיך דורך איבערצייגונג פיהרען ?

פ אָ ו ס ט.

ווען איהר פיהלט'ס נישט, וועט איהר'ט אויך נישט האָבען,
ווען עס קומט נישט פון דער זעעלע
און מיט פולער ריעזען קראַפט
צווינגט די הערצער פון די הערער.
זיצט נאָר שטענדיג, קלעפּט צוזאַמען,
קאָכט איינגעהאַקטס פון שטיקלעך פרעמדע,
און בלאָזט די אר'מע פלאַמען נעבעך,
פון דעם בערגעל אַש פון אייערן !
באַוואונדערט זייט פון קינדער, מאַלפּעס,
ווען אייך נאָכדעם דער גומען לעכצט ;
דאָך, הערצער ריהרען וועט איהר קיינמאָל,
ווען עס קומט אייך נישט פון הארצען.

ו ו אַ ג נ ע ר.

דאָך די רעדע ברענגט דעם רעדנער גליק ;
איך ווייס, איך בין אין דעם נאָך ווייט צוריק.

פ אָ ו ס ט.

זאָל ער אַזאַ רייד-געווינס נאָר זוכען !
נישט זיין זאָל ער אַ שרייענדיגער נאר !

ריינעם שכל און פֿארשטאַנד,
זאָגט מען גאָר אָהן גרויסער קונסט.
ווען איהר מיינט ערנסט וואָס צו זאָגען
דאַרפט איהר אייך נאָך ווערטער יאָגען?
יא. איי׳רע רעדעס, וועלכע גלאַנצען,
אין וועלכע איהר פֿארדרעהט דער מענשהייט׳ס זייטען,
[illegible] נישט ערפרישענד ווי דער נעבעל-ווינד,
וועלכער הערבסטליך אין די דאַרע בלעטער מורמעלט

## וואַגנער.

אך, גאָט! די קונסט איז לאַנג,
און קורץ איז אונזער לעבען.
ביי מיין קריטישען שטודירען, ווערט
אָפט דאָס הארץ און קאָפּ מיר שווער.
ווי שווער ׳ז די מיטעל צו געפינען
צו די קוואַלען צוצוקומען!
און ביז מען האָט דעם האַלבען וועג דערגרייכט,
מוז דער אר׳מער טייפעל שטאַרבען.

## פאוסט.

איז דאָס פערגאמענט דער הייליגער ברונען
פון וועלכען אַ טרונק אויף עביג שטילט דעם דורשט
קענסט ערקוויקונג קיינמאָל האָבען,
ווען זי קוועלט פון דיין נשמה נישט.

## וואַגנער.

פֿאַרצייה׳ט! עס איז אַ גרויסער פֿאַרגעניגען
צו פֿארזעצען אין דעם גייסט פֿון צייטען זיך,
צו זעהען וואָס אַ חכם האָט פֿאַר אונז געטראַכט
און ווי מיר האָבען דאָס אַזוי שעהן און ווייט געבראַכט.

פ אוס ט.

אָ, יאָ, ביז צו די שטערן ווייט!
מיין פריינד, די צייט פון דער פאַרגאַנגענהייט
איז אַ בוך, פאַר אונז, מיט זיעבען זיגלען,
און וואָס איהר רופט דער גייסט פון צייטען,
איז, אין גרונד, דער גייסט פון גאָט אַליין
אין וועלכען עס שפּיגלען אָב די צייטען זיך.
און 'ס איז אויך שרעקליך מאַנכעס מאָל!
ביי דעם ערשטען בליק אנטלויפט מען גלייך דערפון.
אַ שמוץ-פאַס און אַ שטוב פון האָליץ,
און העכסטענס בלויז אַ פּופּענשפּיעל,
מיט פיינע ווערטער קונציגע
וואָס פּאַסען זיך פאַר פּופּענמיילער!

וואַגנער.

דאָך, די וועלט, דאָס האַרץ און גייסט פון מענש,
וויל עטוואָס וויסען אויך דערפון!

פ אוס ט.

יא, וואָס ביי אייך הייסט אַלעס וויסען!
ווער וואַגט דאָס קינד ביים ריכטיגען נאָמען צו רופען? (16)
די עטליכע וואָס האָבען געלערנט
און האָבען, נאַראָנים, אַלץ דעם פאָלק געזאָגט,
וואָס זיי פיהלען, דענקען און זעהען,
האָט מען שטענדיג געקרייציגט און פאַרברענט.
איך בעט אייך, פריינד, 'ס איז שפּעט אין דער נאַכט,
מיר מוזען דאָס מאָל אונטערברעכען.

וואַגנער.

איך וואָלט גערן שטענדיג וואַך זיין
אום מיט אייך אַזוי באַלעהרענד צו רעדען.
דאָך מאָרגען, אַלס דער ערשטער פּסח-טאָג,

ערלויבט מיר אַ פּאָר פראַגען נאָך.<br>
מיט פליים האָב איך מיך צום שטודירען אָבגעגעבען;<br>
אמת, איך ווייס פיעל, דאָך וויל איך אַלעס וויסען. (אָב).

## פ אַ ו ס ט.

ווי עס שווינדעט נישט די האָפנונג פון דעם קאָפּ<br>
וועלכער האַלט אָן נאַרישקייטען זיך,<br>
און אייפריג גראָבט, און אוצרות זוכט,<br>
און פרעהט זיך ביים געפינען רעגענווערים.<br>
דאַרף אַזאַ מענשענשטימע קלינגען<br>
דאָ, וואו גייסטער מיך אומרינגלען?<br>
דאָך, אַך! פאַר דעם מאָל דאַנק איך דיר,<br>
דעם אָרימסטען פון אַלע מענשענקינדער.<br>
האָסט פון דער פאַרצווייפלונג אָבגעריסען מיך,<br>
וועלכע מיינע חושים שוין צושטערען האָט געוואָלט.<br>
אַך, די ערשיינונג אַזוי ריעזענגרויס געווען איז<br>
אַז, ווי אַ קאַרליק האָב איך מיך געפיהלט.

איך, צלם אלהים, וואָס האָב מיך שוין<br>
געמיינט גאַנץ נאָה'נט צום שפיגעל פון עביגען אמת,<br>
און אנטפלעקט אין הימעלגלאַנץ און קלאָרקייט,<br>
אויסגעטהון פון אַלעם אירדישע;<br>
איך, מעהר אַלס קעניג, וועמענס פרייע קראַפט,<br>
געדענקט האָב פליעסט דורך די אָדערן פון דער נאַטור,<br>
און, שאַפענדיג, געטערלעבען צו געניסען,<br>
האָב פאַרמאָסטען זיך, ווי מוז איך יעצט באצאָהלען!<br>
אַ דונערוואָרט האָט מיך אַוועקגעבלאָזען. (17)

איך דאַרף מיך נישט מיט דיר פאַרגלייכען.<br>
האָב איך, דיך צוצוציה'ן, געהאַט די קראַפט,<br>
ד'אָב איך דיך צו האַלטען נישט קיין קראַפט געהאַט.<br>
אין יענעם הייל'גען אויגענבליק

האב איך אזוי קליין, און גרויס געפיהלט זיך.
גרויזאם האסט דו מיך צוריק גשטויסען
אין אונזיכערן מענשענס שיקזאל.
ווער לערנט מיך, וואס צו פארמיידען?
זאל איך פאלגען יענעם דראנג?
אך! אונז'רע טהאטען, ווי אונז'רע ליידען,
פארצוימען אונזער לעבענסגאנג.

צום שעהנסטען וואס דער גייסט האט אויפגענומען
קלעפט אלץ אימער פרעמדער שטאף זיך צו;
ווען מיר דערגרייכען שוין צום גוטען פון דער וועלט,
דאן הייסט דאס בעסטע וואהנזין און באטרוג.
די געפיהלען וואס האבען דאס לעבען געגעבען אונז,
ליגען טעמפ אין אירדישען געטומעל.
ווען פאנטאזי אמאל זיך, מיט געוואגטען פלוג,
און האפנונגספול צום עביגען דערווייטערט,
איז גענוג א קליינער פלאץ איהר,
ווען גליק אויף גליק פון צייט-שטראם ווערט צושטערט.
א נעסט אין טיעפען הארצען בויט די זארג זיך
און שאפט געהיימע שמערצען דארט,
וויגט אונרוהיג זיך און שטערט די לוסט און רוה.
זי דעקט זיך אלץ מיט נייע מאסקעס צו;
זי קען אלס הויז און גוט, אלס ווייב און קינד ערשיינען,
אלס פייער, וואסער, שפיעז און גיפט;
שרעקסט פאר אלץ דיך, וואס האסט קיינמאל פארלוירען,
ווי די געטער בין איך נישט, דאס פיהל איך טיעף;
צום ווארעם בין געגליכען איך, וואס ליגט אין שטויב,
וועלכער לעבט זיך נעהרענדיג אין שטויב,
דעם וואנד'רערס טריט פארניכטעט און באגראבט.

איז עס נישט שטויב, וואָס די הויכע וואַנד,
הונדערט פֿאַכיג מיך פֿאַרענגט,
איז עס נישט די אַלטקייט, מיט איהר טויזענד-פֿאַכען
ג אַ ר נ י ש ט,

וואָס האַלט מיך אין דער מאַלען-וועלט?
זאָל איך דאָ געפֿינען וואָס מיר פֿעהלט?
זאָל אפשר איך אין טויזענד ביכער לעזען,
אַז איבעראַל די מענשען האָבען זיך געקוועהלט,
און אַז אַמאָל איז אויך אַ גליקליכער געוועזן?
וואָס גרינזט דו לעדיגער שאַרבען מיר,
וואָס דיין געהירן איז געוועזן, ווי מיינס, צודרעהט,
דעם ליכט'גען טאָג געזוכט, אין בין-השמשות שוועהר
מיט לוסט נאָך וואַהרהייט, עלענדער, געבלאָנדזשעט?
איהר אינסטרומענטען, שפּאָטעט אויך פֿון מיר,
מיט רעדער און ציינער, וואַלצען און פֿרעסען.
ביים טויער בין איך געשטאַנען, איהר האָט בעדאַרפֿט
די שליסעל זיין;
געדרעהט די עקען זענען, דאָך אויפֿריגלען קענט איהר נישט!
געהיימניספֿול, ביים העלען טאָג,
לאָזט זיך די נאַטור איהר שלייער נישט באַרויבען,
און וואָס זי לאָזט אַליין דיין גייסט נישט זעהען,
וועסט דו ביי איהר נישט קריגען מיט הייבשטאַנג און
מיט שרויפֿען.
איהר אַלטע זאַכען וואָס 'ך האָב נישט געברויכט,
איהר שטעהט, ווייל מיין טאַטע האָט בעדאַרפֿט אייך.
דו, אַלטער פֿערגאַמענט, דו ווערסט פֿאַררייכערט,
אַזוי לאַנג ווי אויפֿ'ן טיש דאָ צאַנקט דער טריעבער לאָמפּ.
ווי בעסער וואָלט געוועזן ווען איך וואָלט לייכט געלעבט,
איידער ביי דעם גאַרנישט, דאָ, צו שוויצען!

וואָס גע'ירש'נט האָסט פון דיינע עלטערן
נעהם עס, אום עס צו בעזיצען!
וואָס מען נישט געברויכט, איז בלויז אַ שווערע לאַסט;
נאָר וואָס עס שאַפט דער אויגענבליק, דאָס קען מען נוצען.

דאָך, וואָרום ציהט מיין בליק צו יענער שטעלע זיך?
איז דאָס פלעשעל דאָרט, פאר די אויגען אַ מאַגנעט?
ווארום ווערט פלוצים אזוי ליכטיג מיר,
אזוי ווי ווען עס שיינט אויף אונז לבנה-ליכט אין
פינסטערן וואַלד?

איך באַגרים דיך איינציגע פיאָלע (18)
וועלכע איך מיט עהרפורכט נעהם אַרונטער יעצט!
אין דיר פאַרעהר איך מענשענוויסען, קונסט,
אינהאַלט דו, פון אַלע שעהנע שלומער-זאַפטען,
אויסצוג דו, פון אַלע פיינע טויטליכע קרעפטען,
ווייז דיין קונסט דיין מייסטער יעצט!
זעה איך דיך, דאַן ווערט דער שמערץ געלינדערט,
נעהם איך דיך, ווערט דאָס שטרעבען דאַן געמינדערט,
לאַנגזאַם, לאַנגזאַם ציהט דער גייסט-שטראָם זיך צוריק.
איך ווער פאַרטראַגען ווייט אין גרויען ים,
עס גלאַנצט צו מיינע פיס דער וואַסער-שפיעגעל,
צו נייע ברעגעס ברענגט א נייער טאָג. (19)

אַ פייערוואָגען שוועבט אויף לייכטע פליגלען
נאָהנט צו מיר! איך פיהל מיך שוין באַרייט
אויף נייע וועגען די לופט דורכצודרינגען,
צו נייע ספערען פון ריינער טהעטיגקייט.
דאָס הויכע לעבען, דיעזע געטערלוסט!

ערשט געוועז'נער וואָרעם, פאַרדיענסט דו עס?
יא, קעהר דעם שעהנעם ערדענקינד
ענטשלאָסען נאָר דיין רוקען אום!
וואג די טהויערן אויפצורייסען
דורך וועלכע יעדער רוקט זיך גערן דורך. (20)
יעצט איז די צייט, דורך טהאַטען צו באַווייזען,
אַז מענערשטאָלץ ווייכט פון געטערהויכקייט נישט צוריק:
נישט פאַר יענער פינסט'רער העהל צו ציטערן,
אין וועלכער פאַנטאַזי צו אייג'נע ליידען זיך פאַרדאַמט;
נאָך יענעם דורכגאַנג צו שטרעבען,
אין וועמענס ענגשאַפט דער גהינם פלאַמט;
צו דעם שריט זיך מונטער צו ענטשליעסען,
און, ווען אויך מיט געפאַהר, צו פערשווינדען אין דעם
נ י כ ט ס.

יעצט קום, קריסטאַל'נע ריינע שאָל אַרונטער,
פון דיין אַלטען פלאַץ אַרויס,
פון וועלכער איך האָב פיעלע יאָהרען נישט געדאַכט!
האָסט געשיינט ביי מיין טאַטענס ימים טובים,
האָסט אויך דערפרייט די ערנסטע געסט,
ווען איינער צו דעם צווייטען דיך געגעבען האָט.
די פראַכט פון פיעלע שעהנע בילדער,
דעם טרינקערס פליכט, אין ריימען צו ערקלעהרען,
און מיט איין צוג דאָס גלאָז צו לעהרען, (21)
דערמאַהנט מיך אין מאַנכע יוגענדנעכט;
איך וועל דיך יעצט מעהר קיינעם שוין נישט געבען,
ביי דיין קונסט מיין קענטנים מעהר נישט ווייזען;
דאָס איז אַ זאַפט וואָס פאַר'שכור'ט יעדען גלייך.
דיין פוסטקייט פילט אוים אַ ברוינע פליסיגקייט.

זאָל דער לעצטער טרונק, וואָס איך וועהל יעצט,
אליין געמאַכט, פון גאַנצען הארציון זיין
א יום-טוב'דיגער גרוס דעם מאָרגען געבראַכט.

(ער נעהמט די שאָל צום מויל).

גלאָקענקלאַנג און כארגעזאַנג.

## מלאכים כאָר. (22)

קריסט איז ערוואַכט!
פרייד צו די שטערבליכע,
וואָס די פאַרדערבליכע,
קריכענדע, ערבליכע
מאַנגלען פאַרבינדט.

## פאוסט.

וואָס פאַר א מורמלען, וואָס פאַר א לויט'רער קלאַנג
ציהט מיט געוואַלד פון מיין מויל דאָס גלאָז צוריק?
מעלדעט איהר שוין, טיעפע גלעקער,
די ערשטע שעהנע פסח-שטונדע?
איהר כאָרען, זינגט איהר שוין דעם טרייסטענדעם געזאַנג,
וועלכער האָט אַמאָל אין א שרעקענסנאַכט פון מלאכים ליפען
אָבגעקלונגען די פאַרזיכ'רונג פון א נייעם בונד? (23)

## וויבער כאָר. (24)

מיט טהיי'רע געווירצען
מיר האָבען געפלעגט איהם,
מיר, זיינע געטרייע,
מיר האָבען געלעגט איהם;
אין טיכער און בינדען
געוויקעלט איהם ריינליך,
אך! און געפינען קריסט
קענען מיר נישט דאָ.

## מלאכים כאָר.

קריסט איז ערוואַכט!
גליק צו די ליעבענדע,
וואָס די באַטריעבענדע,
היילזאַם און שטראַפּענדע
פּרוף איז באַשטאַנען.

## פאוסט

וואָס זוכט איהר צאַרט און מעכטיג,
הימעלסטענער מיך אין שטויב?
די בשורה הער איך, דאָך מיר פעהלט דער גלויבען;
דאָס וואונדער איז דאָס ליעבסטע קינד פון גלויבען.
צו יענע רעגיאָנען וואַג איך נישט צו שטרעבען
פון וואַנען די שעהנע בשורה קלינגט;
און א הייסע תּפלה, אַ געגוס;
רופט ער מיך אויך יעצט צוריק צום לעבען.
עס פלעגט אויף מיר דער הימליש-ליעבער קוש
אַרונטערשוועבען אין שטילער שבת־רוה;
פול מיט סודות איז געווען דער פולער גלאָקענטאָן,
און אַ הייסע תּפלה, אַ געגוס;
אַן אונבעגרייפליך. ליעבליך בענקען
האָט געטריבען מיך. דורך וואַלד און פעלד צו געהן;
און אונטער טויזענד הייסע טרערן
האָב געפיהלט איך מיר אַ נייע וועלט ענטשטעהן.
דאָס ליעד דערמאָהנט מיך האָט אין לוסט׳גע קינדער
שפּיעלען
פון פריהלינגס יום־טוב, פרייעס גליק;
עראינערונג האַלט מיט קינדישען געפיהל מיך.
פון לעצטען ערנסטען שריט צוריק.
אָ. קלינגט ווייטער, זיסע הימעלס־ליעדער!
טרערן רינען, ׳ס האָט די ערד מיך ווידער!

## כאָר פון די נאָכפאָלגער. (25)

’ם האָט דער באַגראָבענער,
ליגענד, ערהאַבענער,
שוין זיך נאָך אויבען
הערליך דערהויבען;
אין ווערן־לוסט איז ער
דער שאַפענדער פרייד נאָה’נט;
אין מיר, אויף דער ערד’ס ברוסט,
זענען צום ליידען דאָ!
ער האָט אונז, די זייניגע,
צו שמאַכטען געלאָזט צוריק;
אַך, מיר באווייגען,
מייסטער, דיין גליק.

## כאָר פון מלאכים.

קריסט איז ערוואַכט
פון דעם פארפוילטען שוים!
רייסט פון די באַנדען
פריילעך אייך לויז!
טהעטיג איהם לויבענדע,
ליעבע באווייזענדע,
ברידערליך שפייזענדע,
פרעדיגענד רייזענדע,
פריידען פארשפרעכענדע,
אייך איז דער מייסטער נאָה’נט,
פאר אייך איז ער דאָ!

II.

## פאר דעם טויר. (26)

(מעהרערע שפּאַציערגעהער קומען אַרויס).

ע ט ל י כ ע ל ע ה ר א י נ ג ל ע ך.

וואָרום גראַד דעם וועג?

אַ נ ד ע ר ע.

מיר געה'ן אַרויס צום יעגער־הויז.

ד י ע ר ש ט ע.

מיר ווילען אָבער צו דער מיהל גאָר געהן.

א י י ן ל ע ה ר נ א י נ ג ע ל.

איך ראַטה אייך צו דעם וואַסער הויף צו געהן.

צ ו ו י י ט ע ר.

דער וועג אַהין איז גאָר נישט שעהן.

ד י צ ו ו י י ט ע.

וואָס ווילסטו טהון?

אַ ד ר י ט ע ר.

איך געה מיט די אַנדערע.

פ י ע ר ט ע ר.

קומט אַרויף קיין בורגדאָרף; דאָרט געפינט איהר

די שעהנסטע מיידלעך און דאָס בעסטע ביער,
און אַ טומעל ערשטען סאָרט.

פ י נ פ ט ע ר.

העי, דו ווילדער יונג דו,
בייסט דיך שוין צום דריטען מאָל דיין פעל?
איל וויל נישט געהן, מיך גרוילט עס פאַר דעם פלאַץ.

ד י ע נ ס ט מ י י ד ע ל.

ניין, ניין! איך געה מיר אין דער שטאָדט צוריק!

אַ ן אַ נ ד ע ר ע.

מיר וועלען איהם געווים געפינען ביי די פאַפעל-בוימער שטעהן.

ע ר ש ט ע.

דאָס איז פאַר מיר אַ קנאַפער גליק,
ער וועט דאָך געהען בלויז מיט דיר.
מיט דיר נאָר טאַנצט ער אויף'ן גראָז,
וואָס-זשע געהט דיין פרייד מיך אָן?

צ ו ו י י ט ע.

דער קרויזקאָפּ, האָט געזאָגט ער, וועט אויך זיין מיט איהם.

ש י ל ע ר.

טייפעל! זעה נאָר ווי די וואוילע מיידען שפּאַנען!
קום נאָר, ברודערקע, מיר מוזען זיי באַגלייטען.
אַ שטאַרקער ביער, אַ בייסענדער טאַבאַק,
און אָן אויסגעפּוצטע דיענסט, דאָס איז מיין געשמאַק.

ב י ר ג ע ר מ י י ד ע ל.

זעה נאָר, זעה, די שעהנע יונגען!
עס איז ווירקליך דאָך אַ שאַנד,

קענען האָבען מיידלעך פון דעם בעסטען שטאַנד,
און לויפען גאָר י ע נ ע מיידלעך נאָך!

צוויי טער שילער (צום ערשטען).

לויף נישט! אַט דאָ אונטען קומען צוויי;
זיי זיינען גאַנץ שעהן אָנגעטהון,
און איינע איז מיין שכנ'טע;
'ך האָב זי ווירקליך, אמת ליעב.
זיי געהען מיט אַ שטילען שריט,
און נעהמען אונז אויך ענדליך מיט.

ע ר ש ט ע ר.

ניין, ברודער, 'ך האָב נישט ליעב צו זיין געבונדען.
שנעל, מיר זאָלען דעם ווילדפאַנג נישט פאַרליערען!
די האַנד וואָס פיהרט דעם בעזים שבת,
וועט אים זונטאג דיך אָם בעסטען צערטלען.

ב י ר ג ע ר.

ניין, ער געפעלט מיר נישט, דער נייער בירגערמייסטער!
זינט ער איז'ם געוואָרן, ווערט ער טעגליך חוצפה'דיגער.
און פאר דער שטאָדט וואָס טהוט ער דען?
פאָלגען זאָל מען מעהר ווי תמיד,
און צאָהלען מעהר ווי אַלע מאָל.

ב ע ט ל ע ר (זינגט).

איהר גוטע העררן, איהר שעהנע פרויען,
אויסגעפוצט און באַקען-רויט,
'ך בעט אייך, טהיי'רע, קוקט מיך אָן,
און זעהט צו לינדערן מיין נויט.
לאָזט מיך נישט אומזיסט דאָ זינגען!
גליקליך איז דער וועֶר עס גיעבט.
דער טאָג וואס אַלע מענשען פייערן
זאָל פאר מיר אויך זיין באַליעבט.

### אן אנדער בירגער.

׳ך ווייס נישט בעסער׳ס אין א זונטאג אָדער יום־טוב,
אַלס אַ געשפּרעך פון קריג און קריגסגעשריי,
ווען דאָרטען, ווייט, אין דער טערקיי
עס שלאָגען זיך די פעלקער.
מען שטעהט ביים פענסטער, טרינקט זיך רוהיג,
און מען זעהט די שיפען אויף׳ן וואסער גליטשען;
דאַן צופריעדען געהט מען אויפדערנאַכט אהיים,
און מען לויבט דעם פריעדען און די פריעדענסצייט.

### דריטער בירגער.

יא, ליעבער שכן, איך טהו אויך אַזוי;
זיי מעגען זיך די קעפּ דאָרט שפּאַלטען,
מעג אַלעס איבערקעהרען זיך,
נאָר אין ד׳רהיים זאָל בלייבען ביי דעם אלטען.

### די אלטע (צו די בירגערמיידלעך).

אָ, ווי אויסגעפּוצט! ווי שעהן און יונג!
ווער קען אין אייך זיך נישט פאַרליעבען?
נאָר נישט שטאָלץ! זאָגט וואָס איהר ווילט,
און ׳ך וועל ברענגען אַלץ נאָך אייער וואונש.

### בירגערמיידעל.

קום, אַגאַטהע! איך גיעב אַכטונג
מיט אַזאַ מכשפה עפענטליך צו געהן,
זי האָט מיך אין הייליגען אַנדרעי׳ס נאַכט, (27)
געלאָזט מיין צוקינפטיגען געליעבטען זעהן.

### די צווייטע.

מיר האָט זי איהם אין אַ קריסטאָל געוויזען, (28)
שטאָלץ, סאָלדאַטענהאַפט, מיט מעהרערע צוזאמען.
איך קוק מיך אום, זוך איהם אַרום,
אָבער ׳ך קען איהם נישט געפינען.

## סאָלדאַטען.

שלעסער מיט הויכע
מויערן און שפיצען,
מיידלעך מיט שטאָלצען
שפּאָטישען דיינקען
וואָלט איך באַזיעגען!
געוואַגט' אונטערנעהמונג,
דאָך שעהן איז דער לוין!

און די טראָמפּעטען
לאָזען מיר שאַלען,
סיי צו די פריידען
סיי צו די ליידען.
דאָס הייסט אַ שטורמען!
דאָס הייסט אַ לעבען!
מיידלעך און שלעסער
מוזען זיך געבען.
געוואַגט' אונטערנעהמונג
דאָך שעהן איז דער לוין!
און די סאָלדאַטען
צוגעהן זיך שוין.

פאוסט און וואגנער.

## פאוסט.

פון אייז באַפרייטע זענען שטראָם און קוואַל,
דורך דעם פריהלינגס ליעבען, באַלעבענדען בליק;
עס גרינט אין טהאַל שוין האָפנונגסגליק!
'ס האָט דער אַלטער שוואַכער ווינטער
זיך געצויגען אין די קאַלטע בערג צוריק.

פון דאָרטען שיקט ער, אַהנמעכטיג
שוואַכע רעגענס אייזיגע
אין שטרייפען איבער'ן גרינענדעם פעלד.
עס דולדעט אָבער נישט קיין ווייס די זון;
לעבען רעגט זיך אומעדום, און שטרעבען,
אַלעס וויל מיט פאַרבען זיך באַלעבען;
דאָך עס פעהלט דער געגענד בלומען,
נעהמט דערפאר זי אויסגעפוצטע מענשען.
קעהר דיך אום, אום פון דער הויכקייט
צו דער שטאָדט צוריקצובליקען.
פון דעם שווארצען פינסטערן טהויער
דרינגט אַרויס אַ פארשיעדענפאַרב'גע מאַסע.
יעדער קוויקט זיך מיט דעם זונענליכט.
זיי פייערן דאָס אויפערשטעהן פון ערלעזער. (29)
ווייל אויפערשטאַנען זענען זיי אַליין;
פון דומפע צימערן פון נידעריגע הייזער,
פון ווערקשטאַט און געשעפטען קנעכטשאַפט,
פון דער שטיקעניש פון דעכער,
פון דער ענגשאַפט פון די גאַסען,
פון דער עהרענפולער קלויסטער-נאַכט
זענען אַלע צו דעם ליכט געבראַכט.
זעה נאָר, ווי זיי יאָגען פריילעך
דורך די פעלדער, דורך די גערטנער.
ווי דער גרויסער ברייטער שטראָם
שטיפעריש באַוועגט די שיפלעך;
און אָנגעלאָדען ביז צום זינקען,
דערווייטערט זיך דאָס לעצטע שיף.
אפילו פון די ווייטסטע סטעזשקעס פון די בערג
ווינקען צו אונז קליידער פאַרביגע.
איך הער דאָס גערויש פון דאָרף;
דאָ איז דער אמת'ער פאָלקס גן-עדן,
צופריעדען רופט דאָ יעדער אויס:
„דאָ בין איך אַ מענש, דאָ דאַרף איך זיין!“

## וואגנער.

מיט אייך, הער דאָקטאָר, צו שפּאַציערען,
איז אַ כבוד, ווירקליך, און געווינס;
דאָך וואָלט איך דאָ מיך נישט פאַרליערען,
ווייל איך בין אַ פיינד פון יעדער גראָבהייט.
דאָס צימבלען, שרייען, קעגעלשפּיעלען,
איז מיר אַ פאַרהאַסטער קלאַנג.
זיי קוויטשען ווי געטריבענע פון שדים,
און רופען'ס פרייד, רופען עס געזאַנג.

## פיערן אונטער דעם לינדען בוים. (39)

טאנץ און געזאנג.

דער פאסטוך האט זיך אויסגעפוצט צום טאנץ
מיט גרעלע קליידער און מיט באנד און קראנץ;
ער איז געווען שעהן אנגעטהון.
׳ם איז געווען שוין פול ארום דעם בוים,
געטאנצט, געהאלטען אויף די פים זיך קוים.
הורא! הורא!
הורא! טאראלאלא!
געשריעגען האט דער פיעדעלבויגען.

שטורעמדיג איז ער אריין,
געשטויסען אין א מיידעל זיך
מיט דעם עלענבויגען.
די לוסט׳גע מויד, זי דרעהט זיך אום
און שרייט אוים: „דאס איז צו דום!“
הורא! הורא!
הורא! טאראלאלא!
„זייט נאר נישט געמיין און פרעך!“

דאך שנעל געפלויגען איז דער קרייז,
געטאנצט אי לינקס, געטאנצט אי רעכטס,
די קליידלעך זענען הויך געפלויגען.
געווארן רויט, געווארןווארם,
און גערוהט דאן ארם אין ארם,
הורא! הורא!

הורא! טאראלאלא!
און היפּטען אויף די עלענבויגען.

„זיי מיר נאָר נישט אַזוי נאָהענט!
„וויפיעל מענער האָבען שוין
„די כלות זיי׳רע אָבגענאַרט!“
דאָך ׳רהאָט גענומען זי׳ן אַ זייט
און ׳ם האָט געקלונגען פון דער וויט:
הורא! הורא!
הורא! טאראלאלא!
געשריי און פיעדעלבויגען.

### אַלטער פויער.

הער דאָקטאָר, עס איז שעהן פון אייך,
וואָס איהר פארשעהמט אונז היינט נישט,
און צווישען אָט דעם פאָלקסגעדרענג,
אַלס הויכגעלעהרטער געהט אַרום.
נעהמט־זשע אויך דעם שעהנסטען קרוג,
וואָס מיר מיט פרישען וויין געפילט.
איך גיעב איהם אייך און ווינש אייך הויך,
דאָס ער נאָר נישט דעם דורשט אייך שטילט;
נאָר וויפיעל טראָפּען ער ענטהאַלט,
זאָלט איהר אויך האָבען גוטע טעג.

### פאוסט.

איך נעהם דעם ליעבען קיהלען טראַנק,
און ווינש אייך אַלע גליק און דאַנק.
(דאָס פאָלק זאמעלט זיך אַרום איהם).

### אַלטער פויער.

ווירקליך עס איז גוט פון אייך
וואָס איהר אים יום־טוב דאָ ערשיינט;

איהר זענט דאָך פריה׳ר, אין שלעכטע צייטען
אויך געוועזען אונזער פריינד.
עס שטעה׳ן דאָ מאַנכע לעבעדיג,
וואָס אייער פאָטער האָט מיט קונסט
פון פיעבער צאָרן זיי גערעטעט,
ווען ער געקעמפפט האָט מיט דער פעסט.
און איהר, אַ יונגערמאַן נאָך דאַן,
געגאַנגען זענט צו אַלע קראַנקע;
אוועקגעפיהרט האָט מען דאַן טויטע,
דאָך איהר געבליעבען זענט געזונד.
פיעל׳ שווערע פּראָבען אויסגעהאַלטען:
׳ס האָט געהאָלפען דעם העלפער, דער אייבערשטער העלפער.

אלע.

געזונד זאָל זיין דער קלוגער מאַן,
ער זאָל נאָך קענען העלפען לאַנג!

פאוסט.

פאַר יענעם, אויבען, בייגט איי׳רע קניע,
וואָס לערנט העלפען, הילף אונז שיקט.
(ער געהט מיט וואגנער׳ן ווייטער).

וואגנער.

ווי שטאָלץ מוזט דו יעצט פיהלען, גרויסער מאַן,
ביי דעם כבוד וואָס די מאַסע גיט דיר אָב!
גליקליך דער, וואָס קען פון זיינע
פעהיגקייטען ציהען אַזאַ גרויס געווינס!
עס וויזט דער פאָטער דיך זיין קינד,
מען לויפט דיר נאָך, מען פרעגט נאָך דיר,
די פיעדעל שווייגט, דער טענצער שטעהט.
דו געהסט פאַרביי, זיי שטעה׳ן אין רייהען
און ׳ס הייבען אַלע היטלען זיך;

עס פעהלט קיין סך, זיי וואָלטען קניען,
גלייך ׳ס וואָלט געקומען גאָט אַליין.

### פ אַ ו ס ט.

נאָך עטליכע שריט אַרויף צו יענעם שטיין!
מיר וועלען רוהען דאָרט פון אונזער וועג.
געדאַנקענפול בין איך דאָ אָפט אַליין געזעסען,
זיך געפּלאָגט מיט פאַסטען און מיט בעטען.
די הענד געבראָכען, און מיט זיפצען, טרערן,
האָב איך געמיינט ביי גאָט צו פועל׳ן
ער זאָל ענדיגען די פּעסט.
שפּאָטיש קלינגט דער בייפאַל פון דער מאַסע מיר.
אָ, ווען דו זאָלסט קענען זעהן אין מיין נשמה
ווי ווייניג ׳סזענען זוהן און פאָטער
אַזאַ כבוד ווערטה געווען.
מיין פאָטער איז געווען אַ מרויעריגער מענש
וואָס ווענען דער נאַטור און איהרע הייליגע רעגיאָנען,
זאָנדערבאַר, נאָר שטענדיג עהרליך,
עקשנות׳דיג האָט נאָכגעפאָרשט,
וואָס, אין געזעלשאַפט פון אדעפּטען, (31)
פאַרשלאָסען אין דער שוואַרצער קיך
און נאָך אונענדליכע רעצעפּטען,
צונויפגעגאָס׳ן האָט געגענגעזעצטע שטאָפען.
מען האָט אַ לייב אַ רויטען, אַ שטאָלץ געליעבטען, (32)
מיט אַ ליליע אין אַ לעבליך באָד פאַר׳קנס׳ט,
אוןביידע דאַן ביי אַן אָפ׳נעם פלאַמענפייער,
געמאַטערט פון איין עהע־בעט אין צווייטען.
איז אין בונטע פאַרבען דאַן ערשיענען
די יונגע קעניגין אין גלאָז,
געווען ׳ז די מעדיצין שוין פאַרטיג.
׳ספלעגען שטאַרבען די פאַציענטען
און קיינער האָט געפרעגט: ווער איז געזונד געוואָרן?

אַזוי האָבען מיר, מיט רפואות טייפלישע,
אין די טהאָלען און אין די בערג,
געוועלטיגט ערגער ווי די פעסט.
איך האָב אַליין דאָס גיפט טויזענדער געגעבען;
זיי זענען געשטאָרבען, און איך מוז דערלעבען
צו הערען ווי מען די פרעכע מערדער לויבט.

ו ו אַ ג נ ע ר.

ווי קענסט איהר אייך דערפאַר באַטריעבען?
טהוט נישט גענוג דער גוטער מענש,
ווען ער די קונסט, וואָס ׳ר האָט גע׳ירשנ׳ט,
געוויסענהאַפט און עהרליך פראַקטיצירט?
ווען דו, אַלס אינגעל, גיסט דיין טאַטען כבוד אָב,
קענסט דו פון איהם אויך פיעל לערנען;
ווען דו, אַלס מאַן, די וויסענשאַפט פאַרמעהרסט,
קען דיין זוהן דאַן צו אַ העכערען ציעל דערגרייכען.

פ אַ ו ס ט.

אָ, גליקליך ד ע ר, וואָס קען נאָך האָפען,
אַרויסצושווימען פון דעם ים פון טעות׳ן!
וואָס מען ווייסט נישט וואָלט מען געקענט געברויכען,
און וואָס מען ווייסט, קען מען נישט געברויכען.
דאָך לאָמיר דאָס גוטע פון דער שעהנער שטונדע,
מיט אַזעלכע טרויריגע געדאַנקען נישט פאַרביטערן!
זעה נאָר, ווי אין גליהענדעם אָבענדרויט,
די באַגרינטע הייזלעך שימערן.
עס פאַרגעהט, פאַרשווינדט די זון,
׳סאיז איבערלעבט דער טאָג;
זי יאָגט אַהין און פאָדערט נייעס לעבען.
אָ, ווען ׳סזאָל אַ פליגעל פון דער ערד מיך הייבען,
איהר עביג, עביג נאָך־צו־שטרעבען.
׳ך זאָל זעהן אין עביגען אָבענדשטראַהל,

די שטילע וועלט ביי מיינע פיס,
געצונדען יעדען בארג-שפּיץ, בּארוהיגט יעדען טהאָל,
דעם זילבער קוואַל אין גאָלד'נע שטראָמען פליעסען.
דאָן וואָלט מיין געטער-לויף, נישט מעהר פאַרהאַלטען
דער ווילדער בּארג מיט אַלע זיינע פינסט'רע שטעגען
שוין עפענט זיך דער ים מיט דערוואָרמטע ברעגעס
פאר די ערשטוינטע אויגען מיינע.
דאָך, ענדליך פאַנגט די געטין אָן צו זינקען,
נאָר דער פאַרלאַנג דער נייער ערוואַכט.
איך יאָג איהר נאָך, איהר עביג ליכט צו טרינקען,
פאר מיר דעם טאָג, און הינטער מיר די נאַכט,
איבער מיר דעם הימעל, אונטער מיר דעם ים.
אַ שעהנער טרוים, אין צייט וואָס זי פאַרשווינדט.
אך צו די פליגלען פון דעם גייסט, וועט אזוי לייכט
קיין קערפּערליכע פליגעל זיך נישט פּאַסען.
דאָך איז עס יעדען איינגעבוירען,
זיין געפיהל זאָל אַרויף-צו, העכער שוועבען,
ווען איבער אונז, אין בלויען הימעל רוים פארלוירען,
די לערכע זינגט איהר האַרציג ליעד,
און איבער הויכע פיכטענבוימער
מיט פליגעל אויסגעשפּרייט' דער אָדלער פליהט,
און איבער וואַסער-שפּיגלען, איבער ים'ען
דער קראַניך שוועבט זיך שטיל אהיים. (33)

## וואַגנער.

'ך האָב שוין אויך געהאַט קאַפּריזנע שטונדען,
דאָך אַזאַ פאַרלאַנג האָב איך קיינמאָל נישט געהאַט.
מען קוקט אויף וואַלד און פעלד זיך זאַט,
דאָך דעם פויגעל'ס-פליהען בין איך נישט מקנא.
ווי אַנדערש טראָגט די גייסט'גע פריידען אונז
פון בוך צו צוך, פון בלאַט צו בלאַט!
עס ווערן ווינטערנעכט דאָן ליעב און שעהן,

אַ גליקליך לעבען ווארעמט אַלע גליעדער,
און וויקעלסט דו נאָך אויף אַ פערגאַמענט,
דאַן שטייגט צו דיר אַראָב דער הימעל.

### פ א ו ס ט.

דו ביזט דיר נאָר פון איין פאַרלאַנג באוואוסט;
אָ, לערן קיינמאָל יענעם קענען!
אַך, צוויי זעעלען וואוינען אין מיין ברוסט,
אָברייסען וויל זיך איינע פון דער צווייטער;
איינע האַלט מיט שטאַרקער ליעבעסלוסט זיך
אַן דער וועלט מיט קלאַמערנדע כוחות;
די אַנד'רע הייבט מיט קראַפט פון שטויב זיך
צו די הימלישע רעגיאָנען.
אָ, אויב 'ס עקזיסטירען גייסטער אין דער לופט, (84)
וואָס הערשענד שוועבען צווישען ערד און הימעל,
דאַן שטייגט אַרונטער פון דעם גאָלד'נעם נעבעל,
און פיהרט אַוועק מיך צו אַ נייעם לעבען!
אָ, ווען איך זאָל נאָר אַ צויבערמאַנטעל האָבען (85)
וואָס זאָל מיך טראָגען ווייט אין פרעמדע לענדער,
ער וואָלט מיר פון די טהייע'רסטע קליידער,
יאָ, פון אַ קעניגסמאַנטעל טהייערער געווען.

### ו ו א ג נ ע ר.

רוף נאָר נישט די גוט באַקאַנטע חבורה
וואָס שטראָמט אין קרייזען אום אין נעבעל,
כּאָר דעם מענש אַ טויזענדפאַכיגע געפאַהר
פון אַלע זייטען פאַרבאַרייטעט.
פון מעריב דרינגט דער שאַרפער גייסטער-צאַהן (86)
אויף דיר, מיט פיילגעשפּיצטע צונגען,
פון מזרח ציהען ווינטען טרוקענע אַהער
וואָס נעהרען זיך פון דיינע לונגען;
און ווען זיי דער דרום פון דער מדבר שיקט,

אום פלאָם נאָך פלאָם אויף דיין קאָפּ צו וואַרפען,
ברענגט דער צפון ערשט דעם ווינד, וואָס קוויקט,
אום דיך און פעלד און לאַנקע אָבצוקיהלען.
מיט פאַרגעניגען הערען זיי, די צום שאָדען בלויז געוואוינטע
פאָלגען גערן, ווייל זיי באַטריגען גערן אונז,
מאַכען פנים׳ער ווי געשיקטע פון דעם הימעל
און פלאַפּלען ענגליש ווען זיי זאָגען ליגען. (87)
נו, לאָמיר געהן, פאַרגרויט איז שוין די וועלט
די לופט געקיהלט, דער נעבעל פאַלט!
אין אָבענד שעצט מען ערשט די היים —
וואָס שטעהסט דו און דו בליקסט אַזוי ערשטוינט?
וואָס קען דיין אויפמערקזאַמקייט אין בין השמשות ציהען?

פ א ו ס ט.

זעהסט דעם שווארצען הונד דאָרט דורכ׳ן יאָגען?

ו ו א ג נ ע ר

׳ך האָב שוין לאַנג געזעהן איהם,
׳ר האָט נישט וויכטיג מיר געשיינט.

פ א ו ס ט.

באַטראַכט איהם גוט! וואָס דענקסט דו איז די חית?

ו ו א ג נ ע ר.

׳ס איז אַ פודעל, וואָס אויף זיין שטייגער
יאָגט זיך נאָך די שפּורען פון זיין האַר.

פ א ו ס ט.

באַמערקסט דו ווי אין ווייט׳ ספּיראַלען קרייזען
ער יאָגט אַרום אַלץ נעהענטער צו אונז?
און מיר דאַכט אויך אַז אַ פייער שטראַהל
יאָגט זיך איהם פון הינטען נאָך. (88)

וואַגנער.

איך זעה נאָר בלויז אַ שוואַרצען פּודעל;
ס'איז ביי אייך געווים אַן אויגענשפּיעל.

פֿאוסט.

מיר דאַכט אַז ער אַ כשוף-נעץ
פֿאַר אַ שפּעטערן בונד אַרום אונז וועבט. (89)

וואַגנער.

איך זעה נאָר ווי ער שפּרינגט מיט מורא,
ווייל ער, אנשטאָט זיין האַר, צוויי אונבאַקאַנטע זעהט

פֿאוסט.

דער קרייז ווערט ענג ער איז שוין נאָה'נט!

וואַגנער.

דו זעהסט? אַ הונד, נישט קיין געשפּענסט איז דאָס.
ער בילט און צווייפעלט, לעגט זיך אויף'ן בויך,
שאָקעלט מיט'ן עק. אַלץ איז הינטישער געברויך.

פֿאוסט.

קום מיט אונז! קום אַהער!

וואַגנער.

ס'איז אַ הינטיש-נאַרישע חיה.
שטעהסט דו שטיל, זעצט ער זיך;
פֿאַרליער עטוואָס, וועט ער עס ברענגען,
אין וואַסער נאָך'ן שטעקען שפּרינגען.

פֿאוסט.

דו ביזט גערעכט; איך געפין קיין שפּור
פון אַ גייסט, אַלץ איז בלויז דרעסור.

### וואגנער.

א הונד, ווען ער איז גוט ערצויגען,
וועט א קלוגער מענש אויך ליעבען.
יא, ער פארדיענט דורכאוים דיין גנאָד,
דער, פון די סטודענטען, בעסטער שילער.

## III.

# שטודיערצימער.

פ א ו ס ט ערשיינט מיט דעם פ ו ד ע ל.

פ א ו ס ט.

פארלאַזען האָב איך פעלד און לאַנקע
מיט טיעפער שטילער נאַכט באַדעקט,
וואָס מיט הייל'גען פאָרגעפיהל,
אין אונז די בעס'רע זעעלע וועקט.
'ס שלאָפען די פארלאַנגעןווילדע,
און יעדע שטורעמדיגע טהאַט;
עס רעגט די מענשען ליעבע זיך,
געטער-ליעבע רעגט זיך יעצט.
זיי רוהיג פודעל! לויף נישט אַהין און אַהער!
וואָס שמעקסט דו דאָרטען ביי דער שוועל?
לעג הינטער'ן אויווען דיך אַנידער,
דאָס בעסטע קישען גיב איך דיר.
ווייל ד' האָסט אין דרויסען אויף'ן וועג
אונז מיט לויפען, שפּרינגען אמוזיערט,
נעהם-זשע יעצט פון מיר דעם דאַנק,
אַלס אַ ווילקאָמ'נער שטילער גאַסט.
אַך, ווען אין אונזער ענגען חדר
וויעדער פריינדליך ברענט דער לאָמפּ,
ווערט ליכטיג אין אונזער ברוסט און הארץ,
און מען דערקענט זיך דאַן אַליין.
שכל הייבט אָן וויעדער רעדען,
האָפנונג הייבט אָן וויעדער בליה'ן,

מען בענקט דאָן נאָך די לעבענס-שטראָמען,
אָך, נאָך דעם ליעבען לעבענס-קוואַל.
ברום נישט פּודעל! צו די הייליגע טענער,
וואָס נעהמען יעצט מיין זעעל׳ אַרום,
קען דיין ווילדער קלאַנג נישט פּאַסען.
מיר זענ׳ן געוואוינט, די מענשען זאָל׳ן פאַרלאַכען
וואָס זיי נישט פאַרשטעהן,
אַז זיי, פאַר דעם גוטען און שעהנעם,
וואָס איז פאַר זיי אַ לאַסט, צו ברומען;
וויל זיס דער הונד, ווי זיי, פאַרברומען?
אָבער אָך, ׳ך פיהל שוין ביי מיין בעסטען ווילען,
באַפריעדיגונג נישט קוועלען פון מיין ברוסט.
ווארום מוז באַלד דער שטראָם פאַרשווינדען
און מיר פאַרדורשטיגט ליעגען וויעדער?
׳ך האָב אין דעם שוין אַזוי פיעל ערפאַהרונג.
עס לאָזט זיך אָבער דער פאַרלאַנג ערזעצען;
מיר לערנען דאָס איבעראירדישע צו שעצען,
מיר הייבען אָן בענקען נאָך אַנטפּלעקונג,
וואָס איז נישט ווירדיגער און שעהנער
ווי אין דעם נייעם טעסטאַמענט.
מיט לוסט צו עפענען דעם גרונדטעקסט
פיהל איך אַ פאַרלאַנג יעצט,
און דאָס הייליגע אָריגינאַל
אין מיין געליעבטען דייטש צו איבערזעצען.

(ער עפענט אַ בוך און פאַנגט אָן).

געשריעבען שטעהט: „אין אָנהויב איז געווען
דאָס ו ו אָ ר ט". (40)
דאָ שטעה איך שוין! ווער העלפט מיר ווייטער
געהן?
איך קען דאָס ו ו אָ ר ט גאָר אַזוי הויך נישט
שעצען;
אַנדערש מוז איך דאָס פאַרשטעהן,

אויב ׳ך בין נאָר רעכט פון גייסט באַלויכטען.
געשריבען שטעהט: „אין אָנהויב איז געווען
ב אַ ג ר י ף“.
באַטראַכט נאָר גוט די ערשטע שורה,
נישט איילען זאָל דיין פעדער זיך!
איז עס דער ב אַ ג ר י ף וואָס ווירקט און
אַלעס שאַפט?
באדארפט האָט שטעהן: „אין אָנהויב איז געווען
די ק ר אַ פ ט!“
דאָך ווען איך שרייב די שורה יעצט,
וואָרנט מיך שוין עטוואָס נישט דערביי צו
בלייבען.
מיר העלפט דער גייסט! איך זעה שוין הילף
און שרייב פארטרויט: „אין אָנהויב איז געווען
די ט ה אַ ט!“
אויב איך זאָל מיט דיר דאָס צימער טהיילען, (41)
פודעל הער־זשע אויף צו וואָיען,
הער אויף צו בילען!
אַזאַ חבר וועלכער שטערט מיך,
קען איך נעבען מיר נישט ליידען.
איינער פון אונז ביידע
מוז די שטוב פאַרלאָזען.
מיר טהוט באַנג נישט גאַסטפריינדליך צו זיין;
די טהיר איז אָפען, קענסט דיר געהן.
דאָך, וואָס מוז איך זעהן!
קען נאַטירליך דאָס געשעהן?
איז דאָס שאָטען? ווירקליכקייט?
ווי ווערט מיין פודעל לאַנג און ברייט!
עס הייבט זיך אויף מיט ריעזען קראַפט,
דאָס איז נישט קיין הונד־געשטאַלט!
וואָס פאר אַ געשפענסט איך האָב געבראַכט אין הויז!
ער זעהט שוין ווי אַ ניל־פערד אויס;
מיט פייערדיגע אויגען און שרעקליכען געבים.

א. יעצט קען איך דיך!
ראַר איזאַ האַלבען גיהנם רוח
איז שלמה'ס שליסעל זיכער גוט. (42)

גייסטער.

(אויפ'ן דורכגאנג). (43)

געפאַנגען איז אינוועניג איינער!
בלייבט אין דרויסען, נאָכגעהן זאָל קיינער!
ווי אין אַ נעץ דער פוקס,
ציטערט אַן אַלטער גיהנם-לוקס.
אַכטונג נאָר גיעבט!
שוועבט אַהין און שוועבט אַהער,
אַרויף און אַראָב,
און ער וועט זיך באַפריי'ן.
קענט איהר איהם העלפען,
דאַן לאָזט איהם נישט זיצען!
ווייל 'ר האָט אונז שוין אַלע
פיעל גוטעס געטהאָן.

פאוסט.

צוערשט די חיה אַנצוגרייפען,
געברויך דעם שפרוך איך פון די פיער: (44)

סאַלאַמאַנדער זאָל גליהען,
אונדענע זיך דרעהען,
סילפע פאַרשווינדען,
קאָבאָלד זאָל שאַפען.

ווער עס נישט קענט
די קראַפט
און אייגענשאַפט
פון די יסודות,

איז נישט קיין מייסטער
איבער גייסטער.

פאַרשווינד אין פלאַמען
סאַלאַמאַנדער!
פליעס רווישענדיג צוזאַמען
אונדענע!
לייכט אין מעטעאָרען שיין
סילפע!
ברענג הילף אין הויז
אינקובוס! אינקובוס!
קום און מאַך דערפון אַן ענד.

קיינס פון די פיער
שטעקט אין דעם טיער.
עס ליגט זיך רוהיג קוקט מיך אָן;
איך האָב איהם נאָך נישט וועה געטהאָן.
דו זאָלסט מיך הערען
שטאַרקער באַשווערען.

ביזט דו, זאָג נאָר,
אַן אנטלאָפ'נער פון גהינם?
דאַן זעה דעם צייכען! (45)
פאַר וועלכען עס בויגט זיך
די שוואַרצע חבריתא.

עס הייבט שוין אַן שווילען מיט שטעכיגע האָר.

פאַרדאָרבענער!
קענסט דו איהם לעזען?
דעם קיינמאָל געבוירענעם,
אונאויסגעשפּראָכענעם,

דורך די הימלען פארברייטערטען
מערדערליך דערשטאכענעם?

הינטער'ן אויוועז פארטריעבען,
שווילט עס ווי אן עלעפאנט.
דעם גאנצען פלאץ פילט עס שוין אן,
עס וויל אין נעבעל זיך צעפליעסען.
שטייג נישט ביז ארויף צום באלקען!
לעג דיך צו דעם מייסטער'ס פיס!
דו זעהסט איך שרעק דיך נישט אומזיסט.
איך ברען מיט הייליגען פייער דיך! (46)
ווארט נישט אויף
דעם דריי־מאל גליהענדעם ליכט! (47)
ווארט נישט אויף
דער שטארקסטער פון מיינע קינסטע!

(אין צייט וואס דער נעבעל פאלט, ערשיינט מעפיסטאפעלעס, פון הינטער'ן אויוועז, געקליידעט אלס רייזענדער שקאלאסט). (48)

מעפיסטאפעלעס.

צו וואט דער ליארעם? וואס פארלאנגט דער האר?

פאוסט.

דאס, אלזא, איז געווען דעם פודעל'ס קערן!
א רייזענדער שקאלאסט? דער קאזוס מאכט מיך לאכען. (49)

מעפיסטאפעלעס.

איך באגרים דעם הויך געלעהרטען האר!
איהר האט גאנץ שטארק געמאכט מיך שוויצען.

פאוסט.

ווי הייסט דו?

מעפיסטאָפעלעס.

די פראַגע שיינט מיר קליין
פאַר איינעם, וואָס פאַראַכטעט זעהר דאָס **וואָרט**,
דער, וועלכער ווייט פון יעדען שיין,
טראַכט נאָר אין דער טיעפקייט פון **דער זאַך** אליין.

פאוסט.

ביי אייך, איהר העררן, קען מען דאָס וועזען
געוועהנליך נאָך דעם נאָמען דערקענען,
ווען מען קלאָהר און איינפאַך זאָגט אייך,
פליעגענגאָט, פאַרדאַרבער, אָדער ליגנער.
נו, זאָג, ווער ביזטו דען?

מעפיסטאָפעלעס.

א טהייל פון יענער קראַפט
וואָס שטענדיג וויל דאָס שלעכטע און דאָס גוטע
שטענדיג שאַפט. (60)

פאוסט.

וואָס מיינסטו דו מיט דעם רעטעניש?

מעפיסטאָפעלעס.

איך בין דער פארניינונגס גייסט!
און אויך מיט רעכט; ווייל אַלעס וואָס ענטשטעהט,
איז ווערטה עס זאָל צו גרונד אויך געהן;
דאַרום וואָלט גוט געוועזן, גאָרנישט זאָל געוועזן ענטשטעהן.
און אַזוי איז אַלץ וואָס איהר רופט זינד,
צושטערונג, קורץ, וואָס איהר דאָס שלעכטע רופט
מייןווירקליכער יסוד.

פאוסט.

רופסט דיך בלויז אַ טהייל, און שטעהסט דאָך גאַנץ פאַר מיר.

מ ע פ י ס ט א פ ע ל ע ס.

באַשייד'נעם אמת זאָג איך דיר.
ווייל זיך דער מענש, די קליינע נאַרענוועלט,
אַלס אַ גאַנצעס שטעלט זיך פאָר;
איך בין אַ ט ה י י ל, פון ט ה י י ל וואָס איז אין אָנהויב אַלץ געווען,
אַ טהייל פון דער פינסטערניש, וואָס האָט דאָס ליכט געבוירען,
דאָס שטאָלצע ליכט, וואָס מיט דער מאַמע נאַכט,
פאַר'ן אַלטען ראַנג, און פאַר די ספערען קעמפפט.
און עס געלינגט איהם נישט, ווייל ער, וויפיעל ער שטרעבט,
ווי געבונדען צו די קערפערס קלעבט.
עס שטראָמט פון קערפערס, מאַכט די קערפער שעהן,
און 'ס פאַרשטעלט אַ קערפער איהם זיין ליכט,
און איך האָף, 'ס וועט לאַנג נישט דויערן,
וועט ער מיט די קערפערס געהן צו גרונד.

פ א ו ס ט.

יעצט קען איך דיינע ווירדיגע פליכטען!
דו קענסט דאָס גרויסע נישט פאַרניכטען,
הייבסט דו מיט דאָס קליינע אָן.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

און 'ס הייסט, געוויס, דערמיט פיעל נישט געטהאָן:
דאָס וואָס שטעלט אַנטקעגען זיך דעם נ י כ ט ס
דאָס ע ט וו אָ ס, די אומגעלומפערטע וועלט,
וואָס האָב איך שוין נישט געטהאָן,
און אַלץ פרוביערט זי בייצוקומען!
מיט כוואַליעס, שטורעמס, ציטערנישען, בראַנד,
און רוהיג בלייבט דערנאָך ערשט ים און לאַנד!
און צו דעם פאַרדאַמטען שטאָף, וואָס שטעלט צוזאַמען חיה, מענש,
צוריהרען קען מען זיך גאַרנישט צו דעם.

וויפיעל האָב איך שוין באַגראָבען,
און אימער פליעסט אַ נייַ און פרישעס בלוט.
און אַזוי געהט׳ס, מען קען איינפאַך משוגע ווערן!
פון לופט, פון וואַסער, פון דער ערד,
אין טרוק׳נעם, פייכטען, וואַר׳מען, קאַלטען,
זיך רייסען נייַע זרעים אויס!
וואָלט איך דעם פלאַם מיר נישט באַהאַלטען,
וואָלט איך פאַר מיר גאָרנישט געהאַט. (51).

פ א ו ס ט.

אַזוי שטעלסט דו אויס אַנטקעגען
דער קראַפטפול שאַפענדער געוואַלט
אומזיסט דיין קאַלטע טייפעלפויסט,
וואָס דריקט זיך שלאַף צוזאַמען!
זוך אַן אַנדער אַרבייט אויס דיר,
וואונדערליכער זוהן פון כאַאָס!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

מיר וועלען זיך נאָך איבערלעגען,
ווען איך קום דאָס צווייטע מאָל.
קען איך מיר ערלויבען יעצט צו געהן?

פ א ו ס ט.

איך זעה נישט איין צו וואָס דו פרעגסט.
איך קען דיך יעצט שוין זעהר גוט,
און מעגסט מיך, ווען דו ווילסט, באַזוכען.
דאָ איז דאָס פענסטער, דאָ די טהיר,
אַ קוימען, דענק איך, איז דיר אויך גענוג.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

איך מוז געשטעהן! אַרויסצוגעהן
האַלט אַ קליינע הינדערניש מיך אָב, —
דער כשוף-פוס אויף אייער שוועל.

פאוסט.

דאָס פענטאַגראַמאַ ערגערט דיך? (52)
זאָג-זשע מיר, גהינם-זוהן,
ווען דאָס האַלט דיך אָב, ווי ביזט דו אַריין?
ווי האָט מען אָבגענאַרט אַזאַ מין גייסט?

מעפיסטאָפעלעס.

באַטראַכט עס גוט. ׳ס איז שלעכט געצייכענט;
דער ווינקעל וואָס נאָך אויסען געהט,
איז, ווי דו זעהסט, אַביסעל אָפען.

פאוסט.

׳ס האָט דער צופאַל גוט געטראָפען!
און מיין געפאַנגענער ביזט דו.
דאָס הייסט, די זאַך איז שעהן געלונגען.

מעפיסטאָפעלעס.

׳ס האָט דער פודעל נישט באמערקט, ווען ׳ר איז אַריינגעשפרונגען,
דאָך אַנדערש זעהט די זאַך יעצט אויס;
׳ס קען דער טייפעל נישט אַרויס פון הויז.

פאוסט.

וואָרום געהסט דו נישט דורך׳ן פענסטער?

מעפיסטאָפעלעס.

׳ס איז אַ געזעץ ביי טייפעל און געשפענסטער:
ווי אַרום זיי זענ׳ן אַריין, מוזען זיי אַרויס.
דאָס ערשטע איז אונז פריי, ביים צווייטען זענ׳ן מיר קנעכט.

פאוסט.

האָט דער גהינם אויך געזעצע?
דאָס איז גוט, דאַן קען מען אַ קאָנטראַקט
און אַ זיכערן נאָך אויך, מיט אייך, איהר הערר׳ן, שליעסען?

מעפיסטאָפעלעס.

וואָס מען דיר פארשפּרעכט זאָלסט דו אויך געניעסען,
גאָרנישט זאָל פון דעם דיר פעהלען.
דאָך דאָס קען מען אַזוי קורץ נישט פאַסען,
מיר וועלען דאָס אַן אַנדער מאָל באַשפּרעכען ;
אָבער יעצט בעט איך דיך ערנסט,
מיך דאָס מאָל פריי צו לאָזען.

פאוסט.

בלייב דאָך נאָך איין אויגענבליק,
אום מיר ערשט עטוואָס רעכטס צו זאָגען.

מעפיסטאָפעלעס.

יעצט לאָז מיך געהן ! ׳ך קום באַלד צוריק ;
דאַן מעגסט דו פרעגען וואָס דו ווילסט.

פאוסט.

איך האָב דיך נישט אָנגעלאָקט,
ביזט דאָך אַליין אין נעץ געגאַנגען.
זאָל דעם טייפעל האַלטען ווער עס קען !
ער וועט איהם אַזוי גיך אַ צווייטען מאָל נישט פאַנגען.

מעפיסטאָפעלעס.

ווען דו ווילסט בין איך באַרייט,
צו געזעלשאַפט דיר צו בלייבען ;
דאָך מיט באַדינג, די צייט דיר,
מיט מיינע קינסטע צו פאַרטרייבען.

פאוסט.

דאָס זעה איך גערן, קענסט עס טהון.
שעהן זאָל זי, די קונסט, נאָר זיין !

## מעפיסטאפעלעס.

דו װעסט, מײן פרײנד, פאר דײנע חושים,
אין דער אײנער שעה געװינען מעהר
װי אין א יאהר לאנגװײליגקײט.
װאס דיר די צארטע גײסטער זינגען,
די שעהנע בילדער, װאס זײ ברענגען,
זענ׳ן ניט קײן פוסטער צױבער־שפיעל.
אױך דײן גערוך װעט זיך דערקװיקען,
דײן גומען װעט זיך דאן דערפרעהען
דערנאך ענטציקט װערט דײן געפיהל.
ניט צוגעגרײט װערט דאס געטהאן ;
מיר זענען דא, נו, הײבט־זשע אן !

## גײסטער.

שװינדעט, איהר טונקעלע
באלקענס פון אױבען !
רײצענדער בליקען זאל
פרײנדליך דער בלױער
הימעל ארײן !
זאלען די טונקעלע
װאלקען צערינען !
שטערענדלעך פינקלען,
מילדערע זונען
שײנען ארײן.
הימלישע קינדער
גײסטיגע, שעהנע,
װאנקענדע בױגונג
שװעבט גלײך פאראיבער,
בענקענדע נײגונג
דארט פאלגט זײ נאך.
און פון די קלײדער
פלאטערנדע בענדער

דעקען די פעלדער,
דעקען די שטיבלעך
וואו זיך צום לעבען,
טיעף אין געדאנקען,
פארליעבטע זיך געבען.
שטיבעל ביי שטיבעל!
שפראָצענדע שטענגלעך!
טרויבען גאנץ שווערע
פאלען אין קעלער
אין עמערס אין ענגע,
יאָגען אין טייכלעך
פון שוימענדע ווייגען
רינען דורך ריינע
עדעלע שטיינער,
לאָזען די בערג דאָרט
הינטער זיך ליגען,
שפרייטען צו ים'ען
זיך און איבערשווימען
גרינענדע בערגלעך.
קומען די פויגעל
טרינקען מיט לוסט דאן,
פליה'ן צו דער זון הויך,
פליה'ן צו די ליכטיגע
שיינענדע אינזלען,
וואָס זיך אויף כוואַליעס
לאנגזאם באוועגען,
וואו מיר די כאָרען
לוסטיגע הערען,
איבער די לאָנקעס
טאנצענדע זעהען,
וועלכע אין פרייען
גליקליכע שוועבען.
אייניגע קלעטערן

איבער די בערגלעך,
אנדערע שווימען
איבער די ים׳ען,
אנדערע שוועבען;
אלע צום לעבען,
אל׳ אין דער ווייטקייט
פון ליעבענדע שטערן,
ענטציקונג און גליק.

## מעפיסטאפעלעס.

ער שלאפט! גוט, איהר לופטיגע, צארטע קינדער!
איהר האט געטריי איהם איינגעזונגען!
פאר דעם קאנצערט בין איך א חוב אייך שולדיג.
דו ביזט נאך ניט דער מאן, דעם טייפעל פעסט צו האלטען!
הילט איהם איין אין שעהנע טרוים-געשטאלטען.
פארטיעפט איהם אין א ים פון נארעריי!
דאך דעם כשוף פון דער שוועל צו ברעכען
מוז א מויזען-צאהן איך האבען.
ניט צו לאנג באשווערען דארף איך,
אט קומט איינע שוין צו הערען און צו פאלגען.

דער האר פון ראצען און פון מייז,
פון פליגען, זשאבעס, וואנצען, לייז,
באפעהלט דיר גלייך אהער צו קומען
און די שוועל דא צו צוגריזשען
דארט וואו ער מיט אייל באשמירט —
אט קומסטו שוין, דו קומסט צושפרינגען!
שנעל צו דר׳ארבייט! דער שפיץ וואס מיך דא בינדט,
געפינט זיך פארענט דארט ביים ברעג.
ואר נאך איין ביס און ס׳איז געשעהן!
איצט חלום ווייטער, פאוסט ביז מיר זיך ווידערזעהן.

## פֿאַוסט.

(ערוואַכענדיג)

בין איך ווידער אָבגענאַרט שוין?
זענ'ן די גייסטער ווידער שוין פֿאַרשוואונדען?
האָט אַ טרוים דעם טייפֿעל מיר געוויזען,
און אַז אַנטלאָפֿען איז פֿון מיר אַ הונד?

## IV.

**שטודירצימער.** — ———— —

---

**פ א ו ס ט. מ ע פ י ס ט א פ ע ל ע ס.**

**פ א ו ס ט.**

עס קלאפט? אריין! ווער וויל מיך ווידער פלאגען?

**מ ע פ י ס ט א פ ע ל ע ס.**

איך בין עס.

**פ א ו ס ט.**

אריין!

**מ ע פ י ס ט א פ ע ל ע ס.**

דו מוזט עס דריי מאל זאגען.

**פ א ו ס ט.**

אריין!

**מ ע פ י ס ט א פ ע ל ע ס.**

אזוי געפעלסט דו מיר.
מיר וועלען, האף איך, זיך פארטראגען,
ווייל די נארישקייט דיר צו פאריאגען,
בין איך, אלס עדלער ריטער, דא,
אין רויטע גאלד-געשטיקטע קליידער,
דאס מענטעלע פון שטייפען זייד

מיט אַ האָהנען פעדער אויפ׳ן חוט,
מיט אַ לאַנג געשפּיצטען דעגען,
קורץ און גוט, איך ראַטה דיך
דאַסזעלבע דיר אויך אָנצוטהאָן,
אום דו, לויזגעמאַכט און פריי,
ערפאהרען זאָלסט וואָס לעבען הייסט.

פאוסט.

אין יעדען קלייד וועל איך די פּיין
פון ענגען ערדענלעבען פיהלען.
איך בין צו אַלט, זיך בלויז צו שפּיעלען,
צו יונג, שוין אָהן פארלאַנג צו זיין.
וואָס קען דען די וועלט מיר געבען?
„זאָג דיך אָב!" נאָר „זאָג דיך אָב!"
דאָס איז דער עביגער געזאַנג,
וואָס יעדען אין די אויערען קלינגט,
וואָס, אונזער גאַנצען לעבען לאַנג,
אונז, הייזעריג, יעדע שטונדע זינגט.
מיט שרעק נאָר וואַך איך יעדען מאָרגען אויף,
ביטער וואָלט געוואָלט איך וויינען,
צו זעה׳ן דעם טאָג, וואָס אין זיין לויף
מיר נישט איין וואונש ערפילט, נישט איינעם.
וואָס יעדע לוסט פאַרמינדערט ער,
בייז און שטענדיג אונצופריעדען.
און די שאַפונג פון מיין ברוסט
מיט טויזענד נאַרישקייטען שטערט.
און ווען עס הויבט די נאַכט אָן זינקען,
מוז מיט אַנגסט איך אין מיין בעט מיך שטרעקען;

אויך דאָ ווערט נישט קיין רוה געשאָנקען,
מיך וועל'ן חלומות ווילדע שרעקען.
דער גאָט וואָס אין דער ברוסט מיר וואוינט,
קען מיין נשמה טיעף באוועגען;
דער וואָס איבער מיינע כחות טרוינט,
קען אויסערליך גארנישט באוועגען;
דערפאַר איז דאָס עקזיסטירען מיר אַ לאַסט,
דער טויט געווינשט, דאָס לעבען מיר פאַרהאַסט.

מעפיסטאָפעלעס.

דאָך, איז קיינמאָל דער טויט נישט קיין געווינשטער גאַסט.

פאוסט.

אָ, געבענשט איז דער, וואָס ער איהם אין זיעגעס גלאַנץ
אַרום די שלייפען פלעכט דעם בלוט'גען קראַנץ,
וואָס ער, נאָך אַ שנעל דורכגעיאָגטען טאַנץ,
געפינט אין די אָרעמס איהם פון אַ געליעבטער.
ווי וואָלט איך פאַר דער הויכער גייסטערקראַפט,
ענטציקט, ענטזועלט, לעבענסלאָז פאַרזונקען!

פאוסט.

און דאָך האָט אימיצער ברוינעם זאַפט,
אין יענער נאַכט נישט אויסגעטרונקען.

פאוסט.

דאָס שפיאָניערען איז, מיר שיינט, דיין לוסט.

מעפיסטאפעלעס.

אלוויסענד בין איך נישט; דאָך איז מיר פיעל באַוואוסט.

פאוסט.

ווען אוים דעם שרעקליכען געטומעל,
געצויגען האָט אַ זים בעקאַנטער טאָן מיך,
און די איב'ריג' קינדישע געפיהלען
מיך גענאַרט מיט קלאַנגען פון אַ זיסער צייט;
דאַן פלוך איך אַלץ וואָס די נשמה
מיט ליגען און מיט נאַרעריי באַוועבט,
און זי, אין אָט דער טרויער-הייהל,
בינדט מיט בלענדעניש און שמייכלעריי!
פארפלוכט צוערשט די הויכע מיינונג
אין וועלכער 'ם וויקעלט זיך דער גייסט!
פארפלוכט די בלענד'ניש פון ערשיינונג
וואָס זיך אין אונז'רע חושים דרענגט!
פאַרפלוכט וואָס אונז אין טרוימען נאַרט,
די עהרע, און די עביגקייט פון נאָמען!
פארפלוכט וואָס אַלס אייגענטהום אונז שמייכעלט,
אַלס ווייב און קינד, אַלס אקער, קנעכט!
פאַרפלוכט זיי מאַמאָן, וואָס מיט אוצרות
אונז צו געוואַגטע טהאַטען רעגט,
ווען ער צו פוילקייט און צו רוהען
אונז צענויף די קישען לעגט!
פארפלוכט דער באַלזאַם-זאַפט פון טרויבען!
פלוך יענער באַרמהערציג-הויכער ליעבע!
פלוך דער האפנונג! פלוך דעם גלויבען,
און פלוך פאַר אַלעם דער געדולד!

## גייסטער-כאָר (אונזיכטבאר). (57)

וועה! וועה!
דו האָסט זי צושטערט,
די שעהנע וועלט,
מיט מעכטיגער פויסט;
זי פאַלט, זי צעפאַלט!
אַ האַלב־גאָט האָט זי צושמעטערט!
מיר טראָגען
די חורבות אין ניכטס אַריבער,
און קלאָגען
איבער דער פאַרלויר'נער שעהנקייט.
מעכטיגסטער
פון ערדענקינדער,
פּרעכטיגסטער
בוי אויף זי ווידער,
בוי זי אין דיין ברוסט דיר אויף!
נייעם לעבענס-לויף
פאַנג אָן,
מיט קלאָהרען זין,
און נייע ליעדער
זאָלען קלינגען.

## מעפיסטאָפעלעס.

דאָס זענען די קליינע
פון די מייניגע.
הער, ווי צו לוסט און טהאַטען,
הער, ווי קלוג זיי ראַטהען!

אין דער ווייטער וועלט,
פון דער איינזאַמקייט,
וואו לוסט און לעבענס־זאַפטען זענען,
ווילען זיי דיך ברענגען.
הער שוין אויף איבער דיין פּיין צו קלאַגען,
וועלכע ווי אַן אדלער, פרעסט דיר אויף דיין לעבען!
די שלעכטעסטע געזעלשאַפט לאָזט דיך פיהלען,
אַז דו ביזט אַ מענש מיט מענשען גלייך.
דאָך, מיין איך נישט דיך
אונטער'ן פּראָסטען פאָלק צו ברענגען.
איך בין נישט איינער פון די גרויסע;
דאָך אויב דו ווילסט, מיט מיר אינאיינעם,
דיין גאַנג דיר דורך'ן לעבען גענהמען,
דאַן וועל זיכער איך מיך פליסען
דיינער צו זיין אויף אָרט און שטעל!
איך בין דיין באַגלייטער,
און, געפעל איך דיר,
בין איך דיין דיענער, בין איך דיין קנעכט!

פ א ו ס ט.

מיט וואָס אַבדיענען דאַרף איך דיר דערנאָך?

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

דערצו האָסט דו נאָך צייט גענוג.

פ א ו ס ט.

ניין, ניין! דער טייפעל איז אַ עגאָאיסט,
און טהוט נישט לייכט „למען השם“
וואָס קען אַ צווייטען ניצליך זיין.

זאָג מיר דייטליך דיין באַדינג;
אַזאַ דיענער ברענגט געפאַהר אין הויז.

מעפיסטאָפעלעס.

איך פאַרבינד מיך אַלס דיין דיענער ד אָ,
אויף דיין וואונק קיינמאָל צו רוה'ן;
ווען מיר זיך ד אָ ר ט ע ן ווידערזעהן,
זאָלסט דו פאַר מיר דאָס זעלבע טהון.

פאוסט.

ד ע ר ד אָ ר ט ע ן קימערט מיך גאַנץ ווייניג;
צושמעטער דו צוערשט דיעזע וועלט אין חורבות,
די אַנדערע מעג דערנאָך ענטשטעהן.
פון ד ע ר ערד קוועלען מיינע פריידען,
און ד י זון באַשיינט מיינע ליידען,
קען איך צוערשט פון זיי מיך שיידען,
דאַן מעג געשעהען וואָס עס וויל.
איך וויל דערפון נישט מעהרער הערען,
אויב מען ד ע ר נ אָ ך אויך האַסט און ליעבט,
און אויב אין יענע הויכע ספערען,
פאַראַן ז'אַן א ו י ב ע ן און אַ א ו נ ט ע ן.

מעפיסטאָפעלעס.

אויב אַזוי דאַן קענסטו וואַגען.
פאַרבינד דיך; דו זאָלסט די טעג
מיט פרייד מיינ' אַלע קינסטע זעהן,
איך גיעב דיר וואָס קיין מענש האָט נישט געזעהן.

פאוסט.

וואָס ווילסט דו אַר'מער טייפעל געבען?
האָט דעם מענשענ'ס גייסט, אין זיין הויכען שטרעבען,

איינער פון די רייניגע ווען עס איז פאַרשטאַנען?
דאָך, האָסט דו שפּייז וואָס עס נישט זעטיגט,
האָסט דו גאָלד, וואָס אָהן אָן אויפהער,
ווי קוועקזילבער דיר אין דער האַנד צופליעסט,
אַ שפּיעל ביי וועלכען מען קיינמאָל געווינט,
אַ מיידעל, וועלכע ביי דיין ברוסט,
פאַרבינדט, מיט ווינקען, זיך אַ צווייטען,
אַ שעהנער כבוד, געטליכער,
וואָס, ווי אַ מעטעאָר, פאַרשווינדט?
צייג מיר פרוכט וואָס פוילט, איידער מען זי רייסט,
און ביימער וואָס זיך טעגליך ניי באַגרינען!

מעפיסטאָפעלעס.

עס שרעקט מיך נישט אַזאַ פארלאַנג,
אַזעלכע אוצרות קען איך געבען.
דאָך, גוטער פריינד, ׳ס קומט אויך די צייט,
ווען מיר דאָס גוטע אין פריעדען געניעסען.

פאוסט.

וועל איך מיך אַמאָל באַרוהיגט אויף אַ פויל-בעט לעגען,
מעג שוין דאַן מיין ענדע זיין!
קענסט דו מיט שמייכלערייען מיך פאַרנארען,
אַז געפעלען זאָל איך מיר אַליין,
דאַן זאָל עס זיין מיין לעצטער טאָג!
׳ך נעהם אָן די וועט!

מעפיסטאָפעלעס.

אָבגעמאַכט!

פאוסט.

מיין האַנד דאַרויף!
אין אויגענבליק וואָס איך וועל זאָגען;
בלייב לענגער נאָך! ביזט אַזוי שעהן! —

דאַן מעגסט דו מיך אין קייטען שליעסען,
דאַן וויל איך גערן געהן צו גרונד!
דאַן מעגען טויטענגלעקער קלינגען,
דאַן פון דיין דיענסט ביזט דו באַפרייט,
עס מעג דער זייגער שטעהן, די ווייזערס פאַלען,
עס עקזיסטיערט קיין צייט פאַר מיר נישט מעהר!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

געדענק, מיר וועלען עס נישט פאַרגעסען.

פ א ו ס ט.

האָסט דערצו דאָס פולע רעכט.
ך האָב מיין קראַפט נישט איבערשעצט;
וואו איך בין, בין איך אַ קנעכט,
וואָס מאַכט עס אוים, דיינער אָדער וועמענס?

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

איך וועל נאָך היינט, ביים דאָקטאָר פעסט, (68)
אַלס דיענער גלייך מיין פליכט ערפילען,
נאָך איינס! — אום זיכערער צו זיין,
בעט איך דיך, גיעב מיר אַ פּאָר שורות.

פ א ו ס ט.

אויך געשריעב'נעס פאָדערסט דו, פעדאַנט?
האָסט דו נאָך קיין מאַן און מאַנעס-וואָרט געקענט?
איז נישט גענוג, אַז מיין אויסגעשפּראָכען וואָרט
זאָל עביג הערשען איבער מיר?
יאָגט נישט די וועלט אין אַלע איהרע שטראָמען,
און מיך זאָל אַ פאַרשפּרעכען בינדען?
דאָך דער באַטרוג ליגט אונז אין האַרצען,
און ווער וויל זיך דען דערפון באַפרייען?
גליקליך דער וואָס טראָגט ריינעס אמת אין זיין ברוסט,
קיין אָפּפער וועט ער קיינמאָל נישט באַרייהען!

דאָך איז אַ פּערגאַמענט, באַשריעבען און באַזיגעלט,
אַ געשפּענסט פאַר וועלכען אַלע שרעקען זיך.
דאָס וואָרט שטאַרבט אָב שוין אין דער פעדער,
און הערשער זענען וואַקס און לעדער.
וואָס ווילסט דו, בייזער גייסט, פון מיר?
מעש, מאַרמאָר, פּערגאַמענט, פּאַפּיער?
זאָל איך מיט גריפעל, גראַווירער, פעדער שרייבען?
איך ערלויב דיר, אויסצואוועהלען.

מעפיסטאָפעלעס.

ווי קענסט דו דיינע רעדערייען
אַזוי שנעל היציג איבערטרייבען?
יעדעס בלעטעל איז דאָך גוט
דו אונטערשרייב דיך מיט אַ טראָפּען בלוט.

פאַוסט.

אויב דו ביזט דערמיט צופריעדען,
זאָל עס בלייבען ביי דעם שפּאַס.

מעפיסטאָפעלעס.

בלוט איז אַ זאָנדערבאַרע זאַפט.

פאַוסט.

האָב קיין מורא, איך וועל דעם קאָנטראַקט נישט ברעכען!
דאָס שטרעבען פון מיין גאַנצער קראַפט,
איז גראַדע דאָס וואָס איך פאַרשפּרעך.
ליידער האָב איך צו הויך געשטרעבט;
איך געהער נאָר צו דיין קלאַס.
דער גרויסער גייסט האָט מיך פאַראַכטעט,
פאַר מיר פאַרשליעסט זיך די נאַטור.
דער דענקונגס-פאָדעם איז צעריסען,
מיר עקעלט לאַנג שוין פון יעדען וויסען.
לאָמיר אין אַ ים פון תאווה

אונז׳רע הייסע ליידענשאַפטען שטילען!
אין אונדורכגעדרונגענע צוויבער שלייערס
זאָל יעדעס וואונדער זיין ערוואַרטעט.
לאָמיר אין דעם רוישען פון דער צייט זיך וואַרפען,
אין דעם שטורעם פון דעם צופאַל!
דאַן מעג שמערץ זיך און גענוס,
געלאַנגען און פאַרדרוס,
איינכ׳ זיך מיט דעם צוויטען בייטען.
נאָר רוהעלאָז טהעטיג שאַפט דער מאַן.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

אייך איז קיין מאָס און ציעל געשטעלט.
ווילט איהר נאַשען איבעראַל,
אין פליהען עטוואָס אויפצוכאַפּען;
זאָל אייך גוט און וואויל באַקומען.
נאָר האַלט אייך פעסט און זייט קיין נאַר.

פ א ו ס ט.

דו הערסט דאָך, אַז פון פרייד איז נישט די רעדע.
איך אָפּפער מיך דעם טומעל, דעם שמערצליכסטען גענוס,
פאַרליעבטען האַס, דערקוויקענדעס פאַרדרוס.
מיין האַרץ וואָס איז פון וועלען וויסען שוין געהיילט,
זאָל זיך פאַר קיין שמערץ נישט מעהר פאַרשליעסען,
און וואָס דער גאַנצער מענשהייט איז באַשעהרט,
וויל איך אין מיין אינערליכען א י ך געניעסען,
מיט מיין גייסט דאָס העכסטע און דאָס טיעפסטע פאַסען,
איהר גליק און וועה אין מיין האַרצען זאַמלען,
און אַזוי מיין אייג׳נעם א י ך פאַר א י ה ר א י ך צו מאַכען,
און, ווי זיי אַליין, דערנאָך צושמעטערט ווערן.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

אָ, גלויב מיר, וועלכער טויזענדער יאָהרען שוין
גריזשעט פון די האַרטע שפּייזען,

אַז פֿון וויגעל ביז צום קבר,
האָט קיין מענש נאָך נישט פֿאַרדיי'ט דעם אַלטען זויערטייג!
גלויב אונזער איינעם, אַט דאָס גאַנצע
איז נאָר פֿאַר אַ גאָט געשאַפֿען!
ע ר געפֿינט זיך אין אַן עביגען גלאַנץ,
א ו נ ז האָט ער אין דער פֿינסטערניש געבראַכט,
און א י י ך געגעבען טאָג און נאַכט.

**פ א ו ס ט.**

דאָך, איך וויל.

**מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.**

גוט געזאָגט!
נאָר פֿאַר איין זאַך טהוט מיר באַנג;
די צייט איז קורץ, די קונסט איז לאַנג.
איך דענק איהר לאָזט אייך לערנען.
געהט פֿאַרבינדט אייך מיט אַ דיכטער,
לאָזט דעם העררן נאָר אין געדאַנקען שוועבען,
און אַלע עד'לע קוואַליטעטען
לעגען אויף איי'ר עהרען-קאָפּ,
דעם מוטה פֿון לייב,
די פֿלינקייט פֿון דעם הירש,
דעם איטאַליענער'ס פֿייערדיג בלוט,
די נאָרדישע דויערהאַפֿטיגקייט;
לאָזט איהם אייך דעם מוד געפֿינען,
גרויסמוטה און כיטרעקייט פֿאַרבינדען;
און אויך מיט וואַר'מער יוגענדלוסט,
נאָך אַ געוויסען פּלאַן פֿאַרליעבען.
אַזאַ מענש וואָלט אַליין איך וועלען קענען,
און וואָלט גערופֿען איהם הער מיקראָקאָסמוס. (59).

**פ א ו ס ט.**

וואָס בין איך דען, ווען 'ס איז נישט מעגליך,
דער מענשהייט-קרוין צו באַזיצען,
נאָך וועלכער זיך אַלע חושים רייסען?

מעפיסטאָפעלעס.

שליעסליך ביזט דו, וואָס דו ביזט.
טהו דיר אָן פּאַרוקען פון מיליאָנען לאָקען,
און אויף דיינע פיס איילען־הויכע זאָקען,
בלייבסט דאָך דערזעלבער וואָס דו ביזט.

פאוסט.

איך פיהל, אומזיסט האָב איך אַלע אוצרות
פון דעם מענשענגייסט אין מיר אַריינגעזאַפּט,
און ווען איך זעץ מיך ענדליך שוין אַנידער,
קוועלט דאָך נישט אינערליך קיין נייע קראַפט;
איך בין אַ האָאר די ברייט נישט העכער,
בין דער אונענדליכקייט נישט נעה'נטער.

מעפיסטאָפעלעס.

מיין גוטער האַר, איהר זעהט די זאַכען,
ווי מען די זאַכען עבען זעהט;
מיר דאַרפען דאָס פיעל קליגער מאַכען,
איידער אונז די לעבענס־פרייד פאַרשווינדט.
פאַרדאַמט! אַודאי זענען הענד און פיס,
און קאָפּ און ת..... דיינע,
און דאָס וואָס איך אַלץ פריש געניעס,
באַלאַנגט דען וועניגער צו מיר?
ווען 'ך קען בעצאהלען יאָגערם זעקס, (60)
באַלאַנגען זיי'רע קרעפטען נישט צו מיר?
איך יאָג דאַן שנעל, אַלס דער ריכטיגער מאַן,
גלייך ווי 'ך וואָלט פיער־און־צוואַנציג פיס געהאַט.
דאַרום מיט מוט! הער אויף צו טראַכטען,
און מיט מיר גלייך אין דער וועלט אַריין!
איך זאָג דיר: אַ קערל, דער וואָס שפעקוליערט,

איז ווי א חיה, וואס אויף א וויסטעניש
ארומגעפיהרט איז פון א שלעכטען גייסט,
און ארום איז שעהנע גרינע פאשע.

פאוסט.

ווי אזוי פאנגען מיר דאס אן?

מעפיסטאפעלעס.

אט, מיר געהען גלאט אוועק.
וואס איז דאס פאר א מארטעראט?
וואס הייסט דאס פאר א לעבען פיהרען,
ערגערן זיך וועגען אינגלעך?
לאז דאס פאר דיין שכן ,העררר בויך!
צו וואס ביי עביג דרעשען שטרוי זיך פלאגען?
דאס בעסטע וואס דו קענסט נאר וויסען,
דארפסט דו נישט די אינגלעך זאגען.
מיר דאכט איך הער שוין איינעם קומען!

פאוסט.

מיר איז נישט מעגליך איהם צו זעהן.

מעפיסטאפעלעס.

ערווארט שוין לאנג דער אר'מער אינגעל,
נישט געטרייסט דארף ער נישט געהן.
גיעב מיר נאר דיין ראק און מיצעל;
די מאסקע דארף מיר ריכטיג פאסען.
(טהוט זיך איבער).
יעצט לאז עס איבער צו מיין שפאס!
איך דארף בלויז א פערטעל שטונדע צייט,
מאך דערוויל דיך פארטיג צו דער שעהנער רייזע!

(פאוסט אב).

מעפיסטאָפעלעס (אין פאוסט'ס לאנגען מאנטעל).

פאראכט נאָר שכל און וויסענשאַפט
דעם מענשענ'ס העכסטע ריעזענקראַפט,
לאָז נאָר אין בלענד־ און צויבערקונצען
פון ליגען־גייסט דיך קרעפטיגען,
און 'ך האָב זיכער דיך אין מיין געוואלד. —
דאָס שיקזאל האָט אַ גייסט געגעבען איהם,
וואָס וויל נאָר אימער וויטער געהן,
און אין זיין איבעראיילטען שטרעבען
שפרינגט ער איבער אַלע פריידען פון דער ערד.
איך שלעפּ איהם דורך דעם ווילדען לעבען:
דורך טעמפּע אונבאַדייטענקייט,
ער זאָל זיך צאַפּלען, וואַרפען, שווידערן,
און צו זיין אונזעטליכקייט,
זאָל שפּייז, געטראַנק, ווי פאר פארשמאכטע ליפּען
שוועבען;
אומזיסט וועט ער דערקוויקונג בעטען;
און וואָלט ער זיך דעם טייפעל נישט איבערגעגעבען,
ער וואָלט סיי ווי סיי געמוזט צו גרונד אויך געהן.

(אַ שילער טרעט אויף).

שילער.

איך בין דאָ ערשט אַ קורצע צייט,
און קום מיט איבערגעבענקייט,
מיט אַ מאַן צו רעדען און צו קענען,
וואָס די וועלט מיט אַכטונג מיר דערמאָנט.

מעפיסטאָפעלעס.

עס פרעהט מיך זעהר איי'ר העפליכקייט!

איהר זעהט אַ מאַן, ווי פיעלע אנד'רע.
האָט איהר שוין ערגעץ אַנדערש אָנגעפאַנגען?

ש י ל ע ר.

איך בעט איך נעהמט מיך צו צו אייך!
איך קום מיט יונגען גוטען מוט,
אַביסעל געלד און פרישען בלוט;
מיין מאַמע האָט מיך קוים געלאָזט אוועקגעהן;
דאָך וואָלט איך עטוואָס ווילען לערנען אין דער וועלט.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

דאַן זענט איהר אויף'ן ריכטיגען פּלאַץ.

ש י ל ע ר.

אויפריכטיג, וואָלט איך שוין געוואָלט אוועק:
אין די מויערן אין די זאַלען,
וויל עס מיר גאָרנישט געפעלען.
עס איז דאָ אַזאַ ענגער רוים,
מען זעהט קיין גרינס, מען זעהט קיין בוים,
אין די זאַלען, אויף די בענק,
פאַרגעהט מיר הערען זעהן און דענקען.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

אָ, מען ווערט דערצו געוואוינט.
עס נעהמט דאָס קינד דער מוטער'ס ברוסט
נישט ווילינ גלייך אין אָנפאַנג,
דאָך באַלד ערנעהרט עס זיך מיט לוסט.
אַזוי וועט איהר די חכמה־בריסטען
וואָס אַ טאָג אַלץ מעהר געלוסטען.

ש י ל ע ר.

מיט פרייד וועל איך אויף זיי'רע העלזער הענגען,
אבער זאגט מיר, וואו קען איך זיי געפינען?

מ ע פ י ס ט א פ ע ל ע ס.

ערקלעהרט מיר, איידער איהר וויטער געהט,
וואס וועהלט איהר פאר א פאקולטעט?

ש י ל ע ר.

געלערנט וואלט איך וועלען ווערען,
'ך וואלט וועלען וויסען וואס אויף ד'ערד
און אין הימעל טהוט זיך;
די וויסענשאפט און די נאטור.

מ ע פ י ס ט א פ ע ל ע ס.

דאן זענט איהר אויף דער ריכטיגער שפור;
נאר איהר טארט נישט זיין צעשטרייט.

ש י ל ע ר.

איך בין דערביי מיט זעעל' און לייב;
דאך וואלט איך גערן וועלען
אביסעל פרייהייט, צייטפארטרייב
אין שעהנע זומערטעג.

מ ע פ י ס ט א פ ע ל ע ס.

געברויכט נאר גוט די צייט, שנעל געהט זי אוועק,
דאך, ארדנונג לערנט צייט געווינען.
מיין טהייערער פריינד, איך ראטה אייך דארום
צוערשט באזוכט ק א ל ע ד ז ש י ו ם ל א ד ז ש י ק ו ם. (61)

דאָרט ווערט דער גייסט אייך גוט דרעסירט,
ווי אין שפּאַנישע שטיוועל איינגעשנירט, (62)
אַז ער זאָל וואָס אַמאָל דאַן ווייטער
זיך גליטשען אויף׳ן געדאַנקען לויף,
און זיך נישט יאָגען קרייץ און קווער,
ווי אַן אירליכט, אַהין און אַהער.
דאַן, אין אַ טאָג, לערנט מען אייך,
אַז צו דעם, וואָס איהר האָט פריי אַמאָל
געטהאָן, צ. ב. עסען טרינקען,
מוז מען האָבען איינס! צוויי! דריי!
דאָך איז עס מיט דער געדאַנקען-פאַבריק,
ווי מיט אַ פיינעם וועבער-מייסטערשטיק,
וואו איין ציה טויזענד פעדעם ריהרט,
די שיפלעך יאָגען אַריבער, אַרונטער,
די פעדעם פליעסען נישט געזעהן,
איין קלאַפּ טויזענד קניפּען פאַרקלאַפּט.
דאַן קומט דער פילאָזאָף אַריין,
און אייך באַווייזט, עס מוז אַזוי זיין:
דאָס ערשט׳ אַזוי, דאָס צווייט׳ אַזוי,
דערפאַר דאָס דריט׳ און פערט׳ אַזוי;
וואָלט נישט דאָס ערשט׳ און צווייט׳ געוועזן;
געוועזן וואָלט נישט דאָס דריט׳ און פערט;
דאָס לויבען אומעדום די שילער,
זיי ווערן אָבער נישט קיין וועבער.
ווער ׳ס וויל עטוואָס לעבעדיגס שטודירען און באַשרייבען,
זוכט צוערשט דעם גייסט אַרויסצוטרייבען,
און האָט ער שוין די טהיילען אין דער האַנד,
פעהלט לייֵדער, דער גייסטיגער צוזאַמענהאַנג.
ע נ ק ע י ר ע ס י ן נ אַ ט ו ר ע רופט עס די כעמיע, (63)
שפּעט פון זיך אַליין און ווייסט נישט ווי אַזוי.

שילער.

איך פארשטעה אייך נישט אין גאנצען.

מעפיסטאפעלעס.

דאס צווייטע מאל וועט'ס בעסער געהן,
ווען איהר וועט קענען רעדוציערען
און געהעריג קלאסיפיציערען.

שילער.

איך ווער פון דעם אזוי צעמישט, צעדרעהט,
גלייך מיר וואלט א מיהלראד זיך אין קאפ געדרעהט.

מעפיסטאפעלעס.

און דאן, פאר אלע אנדערע זאכען,
מוזט איהר קודם מעטאפיזיק קענען!
דא מוזט איהר טיעפזיניג באגרייפען,
וואס אין מענשליכען געהירן זיך נישט פאסט.
פאר דעם, וואס געהט דארט יא און נישט אריין,
א שעהן ווארט וועט איהר גלייך געפינען.
און צום מינדעסטען דאס ערשטע האלבע יאהר
מאכט פאר אייך די בעסטע ארדנונג.
פינף שטונדען האט איהר יעדען טאג;
איהר מוזט שוין זיין ווען 'ס קלינגט דער גלאק!
האט פארבארייטעט אייך צוערשט,
די פאראגראפען גוט שטודיערט,
אום איהר זאלט בעסער זעהן דערנאך,
אז ער זאגט בלויז וואס 'ס שטעהט אין בוך;
אבער איהר שרייבט אלץ נאר ווייטער,
גלייך גאט אליין וואלט אייך דיקטיערט!

שילער.

צוויי מאָל דאַרפט איהר מיר נישט זאָגען!
איך שטעל מיר פאָר ווי פיעל עס ניצט;
ווייל וואָס מען שווארץ אויף ווייס באַזיצט,
קען מען רוהיג זיך באַהאַלטען.

מעפיסטאָפעלעס.

דאָך, וועהלט איך אויס אַ פאַקולטעט!

שילער.

איך קען מיך נישט באַשליעסען צו יוריספּרודענץ.

מעפיסטאָפעלעס.

איך קען עס אייך אויך נישט פאַרדענקען,
איך קען די וויסענשאַפט גאַנץ גוט.
עס ירש'ענען געזעץ און רעכטע,
ווי אַן אייב'גע קראַנקהייט זיך;
זיי שלעפּען זיך פון דור צו דור,
און פליעסען זאַכט פון אָרט צו אָרט.
פאַרנונפט ווערט אונזין, וואָהלטהאַט אַ פּלאַגע;
וועה דיר וואָס דו ביזט אַן אייניקעל!
פון רעכט וואָס איז מיט אונז געבוירען,
פון דעם איז ליידער, נישט די פראַגע.

שילער.

מיין עקעל ווערט דורך אייך פאַרמעהרט.
אַ, גליקליך דער, וואָס איהר איהם לערנט.
איך וואָלט שוין וועלען גאָר טהעאָלאָגי שטודירען.

מעפיסטאפעלעס.

איך וואלט געוואלט אייך נישט פארפיהרען.
ווייל וואס דיעזע וויסענשאפט באטרעפט
איז אזוי שוועהר דעם פאלשען וועג צו מיידען,
עס ליגט אין איהר 'זוי פיעל בעהאלט'נער גיפט,
אז ז' איז שוועהר צו אונטערשיידען פון דער מעדיצין.
דערפאר איז גוט ווען איהר פאלגט איינעם
און הייליג האלט איי'ר מייסטער'ס ווארט.
אין אלגעמיין — האלט אייך נאר אין ווערטער!
דאן געהט איהר דורך א זיכ'רער טהיר
אין טעמפעל פון דער זיעכערקייט!

שילער.

עס מוז דאס ווארט דאך האבען א באגריף!

מעפיסטאפעלעס.

גוט גוט! דעריבער דארף מען זיך נישט קוועהלען,
ווייל דארטען וואו באגריפע פעהלען
קומט א ווארט גאנץ גוט צוניץ.
מיט ווערטער לאזט זיך גאנץ גוט שטרייטען,
מיט ווערטער שאפען א סיסטעם,
אין ווערטער לאזט זיך אויסגעצייכענט גלויבען,
פון א ווארט קען מען א האאר נישט רויבען.

שילער.

ענטשולדיגט 'ך האלט אייך אויף מיט צופיעל פראגען,
דאך איך מוז אייך נאך באמיה'ן.
ווילט איהר מיר וועגען מעדיצין
נישט א גוט ווארט זאגען?
דריי יאהר איז דאך א קורצע צייט

און גאָט! דאָס פעלד איז אזוי גרוים.
ווען מען צייגט נאָר עטוואָס איינעם
קען ער דאַן אַליין שוין ווייטער געהן.

## מעפיסטאָפעלעס.

(פאר זיך).

איבערדריעסיג איז מיר שוין דער טרוקענער געשפּרעך,
איך מוז וויעדער גוט דעם טייפעל שפּיעלען.

(הויך).

די חכמה פון דער מעדיציען איז לייכט צו פאַסען;
איהר דורכשטודיערט די גרויסע און די קליינע וועלט,
אום עס דערנאָך צו לאָזען געהען
ווי עס גאָט געפעלט.
אומזיסט וועט איהר זיך וויסענשאַפטליך דרעהען,
יעדער לערנט וואָס ער קען;
דאָך, ווער 'ס נוצט אוים דעם אויגענבליק,
דער איז דער ריכט'גער מאַן.
איהר זענט נאָך צימליך גוט געבויט,
חוצפּה וועט אייך אויך נישט פעהלען,
און גלייבט איהר נאָר אַליין אין זיך,
דאַן גלייבען אין אייך אַנד'רע אויך.
לערנט אייך איבערהויפּט די ווייבער פיהרען:
עס איז איהר אייב'גער „וועה" און „אַך",
טויזענדפאַך,
פון איין פונקט אוים צו קוריערען;
און ווען איהר האַלבוועגס עהרליך זענט,
וועט איהר ביי איי'רע פים זיי האָבען.
אַ טיטעל מוז צוערשט זיי גלויבען מאַכען,
אַז אייער קונסט פיעל אַנד'רע קינסטע איבערשטייגט;

און ווילקאַמען, טאַפּט איהר דאַן די אַלע זיבעניזאַכען,
נאָך וועלכע אַנד׳רע זיך פּיעלע יאָהרען יאַגען,
פאַרשטעהט דעם פּולס נאָר גוט צו דריקען,
און נעמט אַרום זי, מיט פייערדיגע בליקען,
פריי אַרום די שלאַנקע היפטען,
צו זעהן ווי פעסט געשנירט זי איז.

שילער.

דאָס דאַכט מיר איז שוין בעסער! מען זעהט דאָך וואו
און ווי?

מעפיסטאָפעלעס.

גרוי, מיין פריינד, איז יעדע טהעאָרי,
און גרין דער גאָלד׳נער לעבענס־בוים.

שילער.

איך שווער אייך, מיר איז אַלעס ווי אַ טרוים.
דאַרף איך אייך אַן אַנדער מאָל באַלעסטיגען,
נאָך אַמאָל אייער טיעפע חכמה הערען?

מעפיסטאָפעלעס.

וואָס איך פאַרמאָג וועל איך אייך געבען.

שילער.

אוועקצוגעהן איז מיר אונמעגליך,
איך מוז אייך נאָך מיין שטאַמבוך געבען.
ערלויבט, מיט אייער גנאַדע, מיר דעם צייכען!

מעפיסטאָפעלעס.

זעהר גוט.

(ער שרייבט און גיט עס צוריק).

שילער (לייענט).

ערימים סיקוט דעאום, סציענטעס באנום עט מאלום. (64)

(פארנייגט זיך טיעף, אב).

מעפיסטאפעלעס.

פאלג נאר דעם אלטען שפרוך פון מיין מוהמע די שלאנג,
עס וועט אמאל דיר באנג טהון פאר דיין גאט עהנליכקייט!

פאוסט (ערשיינט).

וואוהין געהן מיר יעצט?

מעפיסטאפעלעס.

וואוהין עס דיר געפעלט.
מיר זעהן די קליינע דאן די גרויסע וועלט.
מיט וועלכער פרייד, מיט וועלכע נוצען,
וועסט דו דעם שטודיום דורעכיאגען!

פאוסט.

דאך מיט אט דער לאנגער בארד
קען איך אזוי לייכט נישט לעבען.
די פראבע וועט דיר נישט געלינגען;
איך וויים מיך נישט ווי צו באנעהמען.
פאר אנד'רע פיהל איך אזוי קליין מיך;
'ך וועל שטענדיג נאר פארלעגען זיין.

מעפיסטאפעלעס.

מיין גוטער פריינד, דאס וועט שוין געהן;
שענקסט דו מיר פארטרויען, ווייסט דו גליך צו לעבען.

פאוסט.

ווי זאָלען מיר פון הויז אַוועק?
וואו האָסט דו דיענער, פערד און וואָגען?

מעפיסטאָפעלעס.

מיר שפרייטען בלויז דעם מאַנטעל אוים,
ער וועט אונז אין דער לופטען טראָגען.
דו נעמסט ביי דעם געוואַגטען שריט
נאָר נישט קיין גרויסע בינטלעך מיט.
אַ ביסעל פייערלופט, וואָס איך וועל פאַרבערייטען,
הייבט אונז שנעל אויף פון דער ערד.
און זענ'ן מיר לייכט, דאַן געהט עס שנעל אַרויף;
איך גראַטוליער דיך צו דיין נייעם לעבענסלויף.

V.

## אוערבאך'ס קעלער אין לייפּציג. (65)

חברה פרעהליכע טרינקערס.

פראָש.

וויל קיינער טרינקען? קיינער לאַכען?
'ך וועל אייך ווייזען טרויריגע געזיכטער מאַכען!
איהר זענט דאָך היינט ווי נאַסער שטרוי,
און ברענט געוועהנליך ווי א פלאַם.

בראַנדער.

'ס איז דיין שולד; דו צייגסט היינט גאַרנישט,
נישט קיין דומקייט, נישט קיין גראָבקייט.

פראָש.

(גיסט איהם א גלאָז וויין אויף'ן קאָפּ).

דאָ האָסט דו ביידע!

בראַנדער.

דאָפּעלטער שוויין!

פראָש.

איהר ווילט עס דאָך, מען זאָל עס זיין!

זיעבעל.

אַרויס מיט דעם, ווער עס זיך קריעגט!

מיט פולער ברוסט זינגט אַלע, זויפט און שרייט!
האַלאַ! האַלאַ! האַ!

אלטמייער.

וועה איז מיר, איך בין פאַרלוירען!
ברענג בוימוואָל מיר! דער קערל צעזעצט מיר די אוירען.

זיעבעל.

ווען דער באַלקען וויעדערקלינגט,
דערקענט מען ערשט די קראַפט פון באַס.

פראָש.

ריכטיג; וואַרפט ארויס ווער עס זיך קריוודעט!
אַ! טאַראַ לאַראַ דאַ!

אלטמייער.

אַ! טאַראַ לאַראַ דאַ!

פראָש.

די העלזער זענען גוט געשטימט.

(זינגט).

דאָס ליעבע הייל'גע רוימישע רייך,
ווי האַלט 'ס זיך נאָך צוזאַמען?

בראנדער.

אַ שמוציג ליעד! פע! אַ פּאָליטיש ליעד!
אַ באַליידיגענד ליעד! דאַנקט גאָט יעדען מאָרגען,
וואָס איהר דאַרפט פאַר דעם רוימישען רייך זיך נישט
זאָרגען.
איך וועניגסטענס שעץ גליקליך מיך,
וואָס איך נישט קיין קייזער אָדער קאַנצלער בין.

דאַך דאַרף אַ הערשער אונז נישט פעהלען ;
מיר וועלען אונז אַ פּאַססט ערוועהלען.
איהר ווייסט דאָך וועלכע מעלות
דעם מאַן באַשטימען און דערהייבען. (66)

פ ר אָ ש (זינגט).

פליה אויף, פליה אויף, פרוי נאכטיגאל,
גרים מיין געליעבטער מיר צעהנטויזענדמאל.

ז י ע ב ע ל.

נאַר דער ליעבסטער נישט קיין גרוס!
איך וויל דערפון נישט הערען!

פ ר אָ ש.

אַ גרוס און קוש דער ליעבסטער!
דו קענסט ׳ס מיר נישט פאַרוועהרען!

(זינגט).

ריגעל אויף! אין שטילער נאכט.
ריגעל אויף! דער ליעבסטער וואכט!
ריגעל צו! גאַנץ אין דער פריה.

ז י ע ב ע ל.

יא זינג נאַר, זינג נאַר, לויב און ריהם זי!
די צייט וועט קומען, ׳ך וועל שוין לאַכען.
ז׳האָט מיך גענאַרט, זי וועט אויך דיר דאָס זעלבע טהון.
אַ שד מעג זי שוין האָבען אַלס געליעבטען.
ער מעג מיט איהר זיך אויף אַ קרייץ־וועג שפּיעלען;
אַן אַלטער באָק, ווען ער פון בלאָקסבערג קומט,
מעג אין גאַלאָפּ אַ גוטע נאַכט איהר מעקען.

א גוטער יונג פון פלייש און בלוט
איז פאר דער מויד נאך צו פיעל גוט.
איך וויל נישט פון קיין גריסען וויסען,
סיידען איהר די פענסטער ברעכען!

ב ר א נ ד ע ר (קלאפענדיג אויף דעם טיש).

העי! העי! הערט מיך אוים!
איהר גיט דאך צו איך וויים צו לעבען;
פארליעבטע חברה זיצען דא,
און איך מוז זיי לויט זייער שטאנד,
אלס גוטע נאכט נאך עטוואס זינגען.
גיט אכט! א ליעד פון נייעם שניט!
און זינגט דעם כאר נאר קרעפטיג מיט!

(ער זינגט).

ס׳א מויז געוועז אין קעלער נעסט,
געלעבט פון פעטס און פוטער,
האט פארלאזט א בייכעל זיך,
אזוי ווי דאקטאר לוטהער.
די קעכין האט איהר גיפט געשטעלט,
׳ס איז ענג געווארען איהר די וועלט,
וו׳ איהר לייב געוועז וואלט פול מיט ליעבע.

כ א ר.

וו׳ איהר לייב געוועז וואלט פול מיט ליעבע.

ב ר א נ ד ע ר.

געלאפען ארום, געלאפען ארוים,
געזויפט פון אלע זייטען,
צעפליקט, צעקראצט דאס גאנצע הויז,

דאָס נישט געקענט פארמיידען;
אַמאָהל געטהאָן אַ שרעקען־שפּרונג,
דאָך באַלד האָט זי געהאַט גענוג,
ווי' איהר לייב געווען וואָלט פול מיט ליעבע.

כ אָ ר.

ווי' איהר לייב געווען וואָלט מיט ליעבע.

ב ר אַ נ ד ע ר.

זי איז פול שרעק אין מיטען טאָג
אין קיך אַריינגעלאָפען,
געפאַלען גוסם און געלעגען,
ווי פון שלאַג געטראָפען.
די פאַרגיפטעריין האָט נאָך געלאַכט:
ווי' איהר לייב געווען וואָלט פול מיט ליעבע.

כ אָ ר.

ווי' איהר לייב געווען וואָלט פול מיט ליעבע.

ז י ע ב ע ל.

זעה ווי 'ם פרעהען זיך די נאַראָנים!
דאָס איז אויך אַ שעהנע קונסט
די אָר'מע מייזלעך צו פאַרגנפטען!

ב ר אַ נ ד ע ר.

זיי האָבען געפונען חן ביי דיר.

## אַ ל ט מ י י ע ר.

דער פּעמפּיק מיט דעם ליסעקאָפּ!
דאָס אומגליק מאַכט איהם שטיל און מילד;
ער זעהט אין דער געשוואָל'נער מויז
זיין גאַנץ נאַטירליך עבענבילד.

## פ א ו ס ט. מ ע פ י ס ט א פ ע ל ע ס.

### מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

פאַר אלעם מוז איך דיך צוערשט
אין לוסטיגע געזעלשאַפט ברענגען.
כדי זאָלסט זעהן ווי לייכט עס לעבט זיך.
פאַר דער חברה דאָ איז יעדער טאָג אַ יום טוב.
מיט ווייניג שכל און פאַרגעניגען פיעל
דרעהט זיך יעדער אין זיין ענגען צירקעלטאַנץ,
ווי יונגע קעצלעך מיט די עקלעך.
ווען זיי האָבען נישט קיין קאָפּווייטיג,
און דער שענקער ווייטער באָרגט,
ווייסען זיי נישט וואָס הייסט זאָרג.

### ב ר אַ נ ד ע ר.

די קומען ערשט יעצט פון דער רייזע,
מען זעהט'ס פון זיי'ר באַנעהמען זיך;
זיי זענען נאָך קיין שטונדע דאָ.

### פ ר אָ ש.

דו ביזט גערעכט! לייפּציג זאָל מיר לעבען!
עס איז אַ קליין פּאַריז און בילדעט איהרע מענשען.

ז י ע ב ע ל.

וואָס דענקסט דו זענען די פרעמדע?

פ ר אָ ש.

לאָזט מיך צורוה! ביי אַ פולען גלאָז,
ציה איך, ווי אַ קינדערצאָהן
דעם אינגעל לייכט די פליי פון נאָז.
מיר שיינט זיי קומען פון אַן עדעל הויז,
זיי זעהען שטאָלץ און אונצופריעדען אוים.

ב ר אַ נ ד ע ר.

איך וועט, מאַרקשרייער זענען זיי!

אַ ל ט מ י י ע ר.

אפשר.

פ ר אָ ש.

זעהט זו' איך געה זיי ערגערן.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס (צו פאוסט).

די חברה פיהלט דעם טייפעל נישט,
און זאָל ער זיי ביים גאָרגעל פאַקען!

פ אַ ו ס ט.

זייט געגריסט, איהר הערען!

ז י ע ב ע ל.

אַ דאַנק, איהר זייט ווילקאָמען.

(שטיל, בעטראַכטענדיג מעפיסטאָפעלעס'ן פון דער זייט).

וואָס הינקט דער קערל אויף אַ פוס?

מעפיסטאָפעלעס.

איז עס ערלויבט, זיך לעבען אייך צו זעצען?
אנשטאט א גוטען טרונק, וואָס מען קען דאָ נישט געפינען,
זאָל אונז די געזעלשאַפט פריילעך מאַכען.

אלטמייער.

איהר זענט אַ העכסט געצערטעלטער מאַן.

פראָש.

איהר זענט געווים פון ריפּפּאַך שפּעט אַוועקגעפאָהרען?
האָט איהר צוערשט מיט הערר האַנס ביי נאַכט
געשפּייזט? (67)

מעפיסטאָפעלעס.

מיר זענען היינט איהם בלויז פאַרבייגערייזט;
מיר האָבען מיט איהם דאָס לעצטע מאָל גערעדט.
ער האָט פון זיינע שוועסטערקינדער זעהר אַ סך גערעדט,
ער האָט געבעטען אונז איעדען לאָזען גריסען.

(ער פארנייגט זיך געגען פראָש).

אלטהיימער (שטיל).

'ט האָסט דו עס! ער פאַרשטעהט'ס!

זיעבעל.

אַ געשליפ'נער חברה־מאַן!

פראָש.

ווארט נאָר איך קריג איהם נאָך!

מעפיסטאפעלעס.

אויב ׳ך האב קיין טעות האבען מיר
געהערט געאיבטע שטימען זינגען?
געווים, געזאנג מוז זעהר גוט דא,
פון די באלקענס וויעדערקלינגען!

פראש.

זענט איהר פיליכט א ווירטואז?

מעפיסטאפעלעס.

א ניין! די קראפט איז שוואך, דאך די לוסט איז שטארק.

אלטמייער.

זינגט אונז א ליעד.

מעפיסטאפעלעס.

ווען איהר באגעהרט, א מענגע.

זיעבעל.

דאך מוז עס זיין גאנץ עטוואס ניי!

מעפיסטאפעלעס.

מיר קומען ערשט פון שפאניען צוריק,
פון שעהנעם לאנד פון וויין און פון געזאנג.

(זינגט)

ס׳אמאל געוועזן א קעניג,
׳ר האט געהאט א גרויסען פלוי —

### פראש.

הערט! א פלוי! האָט איהר עס גוט פאַרשטאַנען?
א פלוי איז א געשמאַקער גאַסט.

### מעפיסטאָפעלעס (זינגט).

ס'אַמאָל געווען א קעניג,
'ר האָט געהאַט א גרויסען פלוי,
'ר האָט איהם געליעבט נישט ווייניג,
כמעט ווי־אַן אייג'נעם זוהן.
גערופען האָט ער זיין שניידער,
דער שניידער איז געקומען:
האָט דעם ריטער אויף הויזען
און ראָק א מאָס גענומען!

### בראַנדער.

פאַרגעסט דעם שניידער נישט צו זאָגען,
אַז עס מוז זיין פונקט אַזוי,
און ווי 'ס איז טהייער איהם זיין קאָפּ,
נישט קנייטשען זאָלען זיך די הויזען!

### מעפיסטאָפעלעס.

אַנגעטהון מיט סאַמעט, זייד,
איז ער געווען מיט לוסט,
געהאַט אויך בענדער אויף דעם קלייד,
א צלם אויף דער ברוסט,
איז געוואָרן גלייך מיניסטער,
געהאַט א גרויסען שטערן, (68)
און 'ס איז געוואָרן זיין משפחה
ביים הויף אויך גרויסע הערען.

׳ס זענען די העררען און פרויען אין הויף
געוועזען זעהר געפּלאָגט,
די קעניגין און אויך די דיענסטען
געשטאָכען און גענאָגט;
מען האָט זיי נישט געטאָרט צעקניקען,
פאַריאָגען, אַ פערברעכען.
אָבער מיר דערשטיקען
ווען איינער הייבט אָן שטעכען.

כ אָ ר (קוויטשען).

אָבער מיר דערשטיקען
ווען איינער הייבט אָן שטעכען.

פ ר אָ ש.

בראַוואָ! בראַוואָ! דאָס איז געוועזען שעהן!
אַזוי זאָל עס יעדען פלוי געשעהן!

ב ר אַ נ ד ע ר.

שפּיצט די פינגער, כאַפּט זיי פיין!

אַ ל ט מ י י ע ר.

לעבען זאָל די פרייהייט! לעבען זאָל דער וויין!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

איך וואָלט אַ גלאָז געטרונקען צו עהרען הויך די פרייהייט,
ווען די וויינען אייערע וואָלטען בעסער נאַר געוועזען.

ז י ע ב ע ל.

מיר ווילען דאָס אַ צווייטען מאָל נישט הערען.

מעפיסטאפעלעס.

איך וואָלט נישט וועלען ערגערן דעם ווירטה;
אַנדערש וואָלט איך די ווערטהע געסט,
געגעבען גוטס פון אונזער אייג׳נעם קעלער.

זיעבעל.

ברענגט אהער! איך נעם ׳ס אויף מיר!

פראָש.

ברענגט נאָר עטוואָס גוטס, מיר וועלען אייך שוין לויבען.
ברענגט נאָר נישט קיין קליינע פּראָבען;
ווייל אום צו וויסען צו ׳ר איז גוט,
מוז דאָס מויל מיר זיין גאַנץ פול.

אלטמייער (שטיל).

ווי מיר שיינט, קומען זיי פון רהיין.

מעפיסטאפעלעס.

ברענגט מיר נאָר אַן עגבער!

בראַנדער.

וואָס וועט איהר טהון מיט איהם?
איהר האָט דאָך נישט די פעסער ביי דער טהיר?

אלטמייער.

הינטען האָט דער ווירטה אַ קערבעלע מיט ווערקצייג.

מעפיסטאפעלעס (נעהמט דעם עקבער, צו פראָש).

נו, זאָגט וואָס ווילט איהר יעצט געניעסען?

פראש.

איך פארשטעה נישט, האט איהר פיעלע סארטען?

מעפיסטאפעלעס.

יעדער קען זיך וועהלען פריי.

אלטמייער (צו פראש).

אהא, באלעקסט דיר שוין די ליפען.

פראש.

גוט, אויב איך זאל וועהלען, וויל איך רהיינוויין האבען,
דאס פאטערלאנד גיט אונז די בעסטע מתנות.

מעפיסטאפעלעס (אין צייט וואס ער בויערט
א לאך אין טיש נעבען פראש).

ברענגט אביסעל וואקס, די שטאפערס גלייך צו מאכען.

אלטמייער.

אך, דאס זענען קונצשטיק בלויז.

מעפיסטאפעלעס (צו בראנדער).

און איהר?

בראנדער.

איך וויל שאמפאניער וויין,
ער זאל נאר שעהן און ליכטיג זיין!

מעפיסטאפעלעס (בויערט; איינער האט דער־
ווייל די וואקסשטאפערס געמאכט און פארשטאפט).

ב ר אַ נ ד ע ר.

דאָס פרעמדע קען מען נישט פאַרמיידען,
וווּ ליגט אָפּט פאַר אונז דאָס גוטע.
אַן עכטער דייטש קען קיין פראַנצויז נישט ליידען,
דאָך טרינקט ער זיינע ווײַנען גערן.

ז י ע ב ע ל (אין צייט וואָס מעפיסטאָפעלעס קומט צו זיין פּלאַץ).

איך מוז געשטעהן איך ליעב דעם זויערן נישט,
גיט אַ גלאָז מיר פון דעם עכטען זיסען!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

פאַר אייך זאָל גלייך טאָקאַיער פליעסען.

א ל ט מ י י ע ר.

מיינע הערען, קוקט מיר אין געזיכט!
מיר דאַכט איהר נעמט אונז בלויז אויף זיעבער.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

אַ, ניין, מיט אַזעלכע עדעל־לייט,
וואָלט'ס געווען צופיעל געוואַגט,
שנעל! נאָר גלייך ארויסגעזאָגט!
וועלכע וויינען ווילט איהר טרינקען?

א ל ט מ י י ע ר.

אירגענד וועלכע נאָר נישט לאַנג געפרעגט.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס (מיט משונה'דיגע העויות).
(נאָכדעם ווי אַלע לעבער זיינען געמאַכט און פאַרשטאָפּט).

טרויבען האָט דער ווײַנשטאָק,
הערנער דער ציגענבאָק!

דער ווײַן איז זאַפטיג, האָלץ דער ווײַנשטאָק,
דער הילצערנער טיש קען ווײַן אויך געבען.
אַ טיעפער בליק אין דער נאַטור!
אָבער גלויבט אַז דאָ'ז אַ נס!

יעצט ציהט די שטאָפּערס און געניעסט!

**א ל ע** (נאָכדעם ווי זיי ציהען ארויס די שטאָפּערס און דער געוווינשטער ווײַן פליעסט יעדען אין גלאָז).

אַ, שעהנער ברונען, וואָס אונז פליעסט!

**מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.**

היט אייך נאָר איהר זאָלט גאָרנישט פאַרגיעסען!

**א ל ע** (זינגען).

מיר פיהלען קאַניבאַליש גוט,
ווי פינפהונדערט חזירים!

**מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.**

דאָס פאָלק איז פרײַ, זעהט, ווי גוט עס איהם געהט!

**פ א ו ס ט.**

'ך וואָלט לוסט געהאַט אַוועקצוגעהן.

**מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.**

וואַרט נאָך, די בעסטיאַליטעט
וועט באַלד זיך שעהן אַנטפּלעקען.

**ז י ע ב ע ל** (טרינקט אונפאָרזיכטיג. דער ווײַן גיסט זיך אויס אויף דער ערד און ווערט א פלאַם).

העלפט! פייער! העלפט! דער גהינם ברענט!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס (באשווערט דעם פלאַם).

זיי רוהיג, פריינדליך עלעמענט!

(צו די חברה)

דאָס מאָל איז עס געווען אַ טראָפּען בלויז גהינם פייער.

ז י ע ב ע ל.

וואָס הייסט דאָס? ווארט! איהר וועט דערפאַר
באַצאָהלען טהייער!

איהר קענט אונז נישט, ווי עס ווייזט אוים.

פ ר אָ ש.

זאָל ער אַ צווייטען מאָל דאָס בעסער נישט פּרוביערען!

אַ ל ט מ י י ע ר.

איך דענק מיר וואָלטען איהם באַדאַרפט שוין הייסען געהן.

ז י ע ב ע ל.

וואָס? דער האַר וויל גאָר וואַגען,
דאַ זיין האָקוס-פּאָקוס טרייבען?

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

שטיל, דו אַלטער ווייגפאַס!

ז י ע ב ע ל.

בעזעמשטעקען!
ווילסט אונז גאָר נאָך זידלען אויך?
ווארט נאָר! ס'וועלען רעג'נען קלעפּ באלד!

א ל ט מ י י ע ר (ציהט ארוים א שטאפער פון טיש,
עס שפּרינגט איהם פייער אנטקעגען).

איך ברען! איך ברען!

ז י ע ב ע ל.

צויבעריי!
כאפּט איהם שנעל דער קערל איז פריי!
(זיי ציהען די מעסערס און לאזען זיך צו מעפיסטאפעלעס).

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס (מיט ערנסטער מינע).
פאלש געשטאלט און אָרט
פארענדער זין און אָרט!
זייט דאָ און דארט!

(זיי שטעהען צוטומעלט און קוקען זיך אן).

א ל ט מ י י ע ר.
וואו בין איך? וואס פאר א שעהן לאנד!

פ ר אָ ש.
וויינבערג! זעה איך ריכטיג?

ז י ע ב ע ל.
און טרויבען ביי דער האנד!

ב ר אַ נ ד ע ר.
זעהט, הינטער יענע גרינע בלעטער,
זעהט, א וויינשטאק! זעהט נאָר טרויבען!

(ער כאפט זיעבעלען ביי דער נאז. די אנדערע טהוען דאס
זעלבע און הייבען אויף די בעסערם.)

מע׳פיסטאפעלעס (ווי אויבען).

טעות, לאז אראב דאס באנד פון זיי׳רע אויגען!
און מערקט אייך ווי דער טייפעל שפאסט.

(ער פארשווינדט מיט פאוסט. די חברה לאזען זיך אב).

זיעבעל.

וואס איז געשעהן?

אלטמייער.

ווי־אזוי?

פראש.

איז דאס דיין נאז געוועזן?

בראנדער.

און דייזע האב איך אין דער האנד!

אלטמייער.

איז דאס געוועזן א טרייסעל, געגאנגען דורך אלע גליעדער!
ברענגט א בענקעל מיר, איך פיהל איך פאל אנידער!

פראש.

זאגט מיר, ווירקליך, וואס איז געשעהן?

זיעבעל.

וואו איז דער קערל? געפין איך איהם,
וועט ער לעבעדיג אוועק נישט געהן!

אלטמייער.

איך האָב איהם, דורך דער קעלער טהיר,
געזעהן ארויסרייטען אויף אַ פאַס —
איך פיהל ווי בליי אין מיינע פיס.

(קוקט צום טיש).

דענקט איהר אַז עס פליעסט דער וויין נאָך ?

זיעבעל.

׳ס איז אַלץ געווען לוג און באַטרוג.

פראָש.

און דאָך מיר שיינט איך האָב געטרונקען וויין.

בראַנדער.

און מיט די טרויבען ווי איז עס געוועז ?

אלטמייער.

און מען זאָגט מען זאָל נישט אין קיין נסים גלויבען !

VI.

## מכשפה'ס קיך. (69)

(אויף א נידעריגען פייער־טאק שטעהט א גרויסער קעסעל איבער דעם פייער. אין דער פארע, וואס שטייגט אין דער הויך, צייגען זיך פארשיעדענע געשטאלטען. א מאלפע זיצט ביי דעם קעסעל און שוימט איהם אב, און גיט אכטונג ער זאל נישט איבערלויפען. דער ער־מאלפע מיט די יונגע זיצט דער־נעבען און ווארעמט זיך. די ווענט און באלקען זענען באדעקט מיט די פאנטאסטישסטע זאכען פון א מכשפה'ס אויסשטאטונג.)

פאוסט. מעפיסטאפעלעס.

פאוסט.

מיך עקעלט פון דער גאנצער צויבעריי;
זאגסט מיר צו, איך וועל גענעזען,
אין דעם ווילדען משוגעת?
זאל איך ראט פארלאנגען פון אן אלטען ווייב?
און וועט די מישענעניע־קאכעריי
דרייסיג יאהר מיר רייסען פון מיין לייב?
וועה מיר, ווען דו ווייסט נישט עטוואס בעסערס!
מיר איז די האפנונג שוין פארשוואונדען.
האט די נאטור, אדער עדלער גייסט
נאך קיין באלזאם נישט אויסגעפונען?

מעפיסטאפעלעס.

זעהסט דו, פריינד, יעצט רעדסט דו וויעדער קלוג!
דיך צו מאכען יונג, איז אויך דא אן אנדער מיטעל;

דאָך, דאָס שטעהט שוין אין אַן אַנדער בוך,
און עס איז אַ זאַנדערבאַר קאַפּיטעל.

פ א ו ס ט.

איך וויל עס וויסען.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

גוט! אַ מיטעל אָהן געלד
און ארצט און צויבעריי צו באַקומען.
געה אַרויס גלייך אויף דעם פעלד,
הייב אָן צו אַקערן און גראָבען,
באַגרענעץ דיך און דיין געדאַנק
אין אַ קליינעם ענגען קרייז,
ערנעהר דיך בלויז מיט נישט געמישטע שפּייז,
לעב מיט דעם פיה אַלס פיה, און האַלט נישט פאַר געפעהרליך,
צו באַמיסטיגען דאָס לאַנד וואָס דו פאַרזעהסט:
דאָס, גלויב מיר, איז דאָס בעסטע מיטעל,
יונג צו האַלטען דיך ביז אַכציג יאָהר!

פ א ו ס ט.

איך בין נישט געוועהנט דערצו, איך קאָן גאָר נישט פּרוביערען,
דאָס רידעל אין דער האַנד צו נעהמען.
עס פּאַסט מיר נישט דאָס ענגע לעבען.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

אויב אַזוי מוז די מכשפה העלפען.

פ א ו ס ט.

וואָרום דען גראַד דאָס אַלטע ווייב!
קענסט.דו דעם טראַנק אַליין נישט ברייען?

### מעפיסטאפעלעס.

דאָס איז אַ שעהנער צייט פאַרטרייב !
טויזענד בריקען וואָלט געבויט איך אין דער צייט.
נישט נאָר קונסט און וויסענשאַפט,
געדולד מוז מען ביי דער אַרבייט האָבען.
אַ שטילער גייסט זיצט יאָהרען לאַנג ביים שאַפען,
די צייט נאָר קרעפטיגט דעם געטראַנק.
און אַלצדינג, וואָס דערצו געהערט,
זענען וואונדערבאַרע זאַכען !
כאָטש זי געלערנט האָט דער טייפעל ;
דאָך דער טייפעל קען׳ס נישט מאַכען .

(דערזעהענדיג די חיות)

זעה, וואָס פאַר אַ שעהן געשלעכט !
דאָס איז די דיענסט ! דאָס איז דער קנעכט !

(צו די חיות)

׳ס ווייזט אוים די פרוי איז נישט אין הויז ?

### די חיות.

ביים זויפען,
אוים דעם הויז
דורך׳ן קוימען ארוים !

### מעפיסטאפעלעס.

ווי לאַנג נעמט איהר דען דאָס פאַרברענגען ?

### די חיות.

׳זוי לאַנג מיר די לאַפעס וואַר׳מען.

מעפיסטאפעלעס.

ווי געפעלען דיר די צארטע חיות?

פאוסט.

נארישער ווי איך האב וועו עס איז געזעהן.

מעפיסטאפעלעס.

ניין, אזא געשפרעך ווי דער,
ליעב איך אם בעסטען צו פיהרען!

(צו די חיות)

זאגט מיר נאר פארפלוכטע פופען,
וואס מישט איהר דארטען אין דעם בריי?

די חיות.

מיר קאכען דינע בעטלער זופען. (70)

מעפיסטאפעלעס.

דאן האט איהר א גרויס פובליקום.

דער ער-מאלפע (קומט צו און שמייכעלט זיך צו מעפיסטאפעלעס).

א ווירפעל גלייך
און מאך מיך רייך,
און לאז מיך געווינען!
שלעכט איז מיין וועלט,
און געהאט וואלט איך געלד,
וואלט איך געוועזען ביים זינען.

### מעפיסטאָפעלעס.

ווי גליקליך וואָלט די מאַלפּע זיך געשעצט,
ווען זי וואָלט שפּיעלען אויך געקענט אין לאָטערי!

(אין דער זעלבער צייט האָבען זיך די יונגע מאַלפּעס
מיט אַ גרויסען קוגעל געשפּיעלט, און קייקלען איהם
יעצט פאָרויס).

### דער ער־מאַלפּע.

דאָס איז די וועלט;
זי שטייגט און פאַלט
און דרעהט זיך נאָר!
זי קלינגט ווי גלאָז;
ווי גיך ברעכט דאָס!
איז אינוועניג לעער.
דאָ גלאַנצט זי זעהר,
און דאָ נאָך מעהר.
איך בין לעבעדיג!
מיין ליעבער זוהן,
געה אוועק דערפון!
דו מוזט שטארבען!
זי איז פון ליים,
און דאָס מאַכט שערבלעך.

### מעפיסטאָפעלעס.

צו וואָס די זיפּ?

### דער ער־מאַלפּע (נעמט זי ארונטער).

וואָלסט דו געווען דער גנב,
וואָלט איך דיך גלייך דערקענט. (71)

(ער לויפט צו דער זי־מאַלפּע און לאָזט זי דורכקוקען).

קוק דורך דער זיפּ!
דערקענסט דו דעם גנב
און זאָגסט נישט זיין נאָמען?

מעפיסטאָפעלעס (דערנעהנטערנדיג זיך צום פייער).

און דער טאָפּ?

ער־מאַלפּע און זי־מאַלפּע.

דער נאַרישער קאָפּ!
דערקענט נישט דעם טאָפּ,
דערקענט נישט דעם קעסעל!

מעפיסטאָפעלעס.

אונהעפליכע חיה!

דער ער־מאַלפּע.

נעם דיר די בארשט
און זעץ דיך אוועק.

פאוסט (וועלכער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען פאַר
א שפּיגעל באַלד דערנעהנטערנדיג באַלד דערווייטערנ־
דיג זיך).

וואָס זעה איך? וואָס פאַרא הימליש בילד (72)
צייגט זיך אין דעם צויבערשפּיגעל!
לייה, אָ ליעבע, מיר דיין שנעלסטען פליגעל
און פיהר אַהין, אין איהרע פעלדער מיך.
אַך ווען איך נישט אויף דער שטעל בלייב,

ווען איך וואָג נאָר, נאָהנט צו געהן,
קען איך זי בלויז ווי אין אַ נעבעל זעהן!
דאָס ליעבסטע, שעהנסטע בילד פון אַ ווייב!
איז עס מעגליך? איז דאָס ווייב ׳זוי שעהן?
מוז איך אין דעם אויסגעשטרעקטען לייב
דאָס אינערסטע פון אלע הימלען זעהן?
געפינט זיך דאָס דאָ אויף דער ערד?

## מעפיסטאָפעלעס.

נאטירליך, ווען אַ גאָט זיך זעקס טעג פלאגט,
און בראַוואָ זאָגט אליין דערנאָך,
דאַן מוז דאָס עטוואָס גוט אויך זיין.
דאָס מאָל זעטיג דיר דיין בליק;
אַזאַ אוצר איז מיר מעגליך אויסצושפיערען,
און גליקליך ווער עס האָט דאָס גליק,
אלס חתן זי אהיים צו פיהרען!

(פאוסט האלט אין איין קוקען אין שפיגעל. מעפי־
סטאָפעלעס אויסשטרעקענדיג זיך אין שטוהל און שפיע־
לענדיג מיט דער בארשט, רעדט ווייטער).

דאָ זיץ איך ווי אַ קעניג אויף׳ן טהרוין,
דעם סצעפטער האלט איך, נאָר מיר פעהלט די קרוין.

די חיות (וועלכע האָבען ביז יעצט געמאכט
אלערליי משוגע׳נע באוועגונגען, ברענגען מעפיסטאָ־
פעלס׳ן אַ קרוין מיט גרויס געשריי).

אַ, זיי אַזוי גוט
מיט שוויים און בלוט
די קרוין צו לאָמען!

(זיי געהען אונפארזיכטיג ארום מיט דער קרוין און

צערברעכען זי אין צוויי טהיילען, מיט וועלכע זיי שפּרינגען ארום).

אַט איז עס געשעהען!
מיר רעדען און זעהען,
מיר הערען און גראַמען! (73)

פ אַ ו ס ט (געגען שפּיגעל).

וועה מיר! איך ווער דאָ שיער משוגע,

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס (אויף די חיות ווייזענדיג).

מיר הייבט אַליין דער קאָפּ זיך אָן צו דרעהן.

די חיות.

און ווען עס אונז גליקט,
און אַלץ געהט געשיקט,
דאַן זענען עס געדאַנקען.

פ אַ ו ס ט (ווי אויבען).

עס הייבט מיין הארץ מיר אָן צו ברענען!
דערווייטערן לאָמיר זיך געשווינד!

מ ע פ י ס ט. (ווי אויבען).

דאָך, מיר מוזען אנערקענען,
אַז זיי זענען עהרליכע פּאָעטען.

(דער קעסעל אויף וועמען די זי־מאַלפּע האָט פארגעסען אכטונג צו געבען, הייבט אָן איבערצולויפען; עס ענטשטעהט א גרויסער פלאם, וועלכער שלאָגט ארויס דורך דעם קוימען. ד י מ כ ש פ ה פאַרט ארונטער דורך דעם פלאם מיט א שרעקליכען געשריי).

# די מכשפה.

אַי! אַי! אַי! אַי!
פאַרדאַמטע חיה! פאַרפלוכטער שוויין!
פאַרלאָזט דעם קעסעל, פאַרברענסט די פרוי!
פאַרפלוכטע חיה!

(דערזעהענדיג פאוסט און מעפיסטאָפעלעס).

וואָס איז דאָס דאָ?
וואָס זענט איהר דאָ?
וואָס ווילט איהר דאָ?
ווער קריכט צו אונז?
די פייער פיין
אייך אין געביין!

(זי טינקט איין דעם שוימלעפעל אין קעסעל און שפריצט פלאמען נאָך פאוסט, מעפיסטאָפעלעס און די חיות. די חיות יאָמערן).

מעפיסט. (וועלכער קעהרט אום די בארשט וואָס ער האלט אין דער האנד און קלאפט אין די גלעזער און טעפּ).

אין צוויי! אין צוויי!
דאָ ליגט דער ברייי!
דאָ ליגט דאָס גלאָז!
עס איז נאָר שפּאַס,
דער טאַקט, נבלה,
צו דיין מעלאָדי.

(אין דער צייט וואָס די מכשפה טרעט צוריק פול כעס און שרעק).

דערקענסט דו מיך? אבשייליכקייט! שרעקבילד דו!
דערקענסט דו יעצט דיין האר און מייסטער?

וואָס האָלט מיך אָב, און איך צעקראַך,
צעשמעטער דיך מיט דיינע מאַלפּע־גייסטער!
האָסט דו פאַר דעם רויטען קלייד נישט מעהר רעספּעקט?
קענסט דו די האָהנענפעדער נישט דערקענען?
האָב איך דאָס אויסזעהן דיר באַהאַלטען?
דאַרף איך דיר זאָגען ווער איך בין?

## די מכשפה.

פאַרצייהט, מיין האַר, דעם גראָבען גרוס!
איך זעה דאָך נישט קיין פערדענ־פוס.
וואו זענען אייע'רע ביידע ראָבען?

## מעפיסטאָפעלעס.

דאָס מאָל וועל איך דיר פאַרצייהען;
ווייל 'ס איז שוין נישט קיין קורצע צייט,
זינט מיר האָבען זיך געזעהען.
אויך די קולטור, וואָס די גאַנצע וועלט באַלעקט,
האָט דעם טייפעל רעפאָרמירט;
די נאָרדישע ערשיינונג קען מען נישט מעהר זעהען;
וואו זעהסט דו הערנער, עק און קלויען?
און וואָס דעם פוס באַטרעפט, וואָס איך קען נישט פטור'ן,
און קען מיר אין געזעלשאַפט שאַדען;
דערפאַר באַדיען איך מיך, ווי מאַנכע יונגע לייט,
זייט פיעלע יאָהרען מיט געוואַטעטע מוסקולען.

## די מכשפה.

איך פאַרליער מיין שכל שיער,
דעם ריטער שטן זעה איך ווידער דאָ!

מעפיסטאָפעלעס.

דעם נאָמען, ווייב, פארבאָט איך דיר!

די מכשפה.

ווארום? וואָס האָט ער אייך געטהאָן?

מעפיסטאָפעלעס.

עס איז שוין לאַנג בלויז אין די מעשה׳לעך געשריבען; (74)
דאָך די מענשען זענען קליגער נישט געוואָרען:
זיי האָבען מעהר נישט דעם נישט־גוטען, די
נישט־גוטע זענ׳ן געבליבען.
רופסט דו מיך נאָר הערר באַראָן דאַן איז אַלץ שוין גוט;
איך בין אַ קאַוואַליער, ווי אַנד׳רע קאַוואַליערען.
דו צווייפעלסט דאָך נישט אין מיין עדעל בלוט;
זעה, דאָס זענען די וואָפען וואָס איך טראָג!

(ער מאכט אן אונאנשטענדיגע באוועגונג).

די מכשפה (לאכט שטארק).

האַ! האַ! דאָס איז שוין אייער גאַנג!
איהר זענט אַ שטיפער וו׳ איהר זענט אַלע מאָל געווען.

מעפיסטאָפעלעס (צו פאוסט).

מיין פריינד, דאָס לערן דיך פארשטעהן!
דאָס איז דער וועג מיט מכשפות אומצוגעהן.

די מכשפה.

נו, זאָגט מיר הערר׳ען, וואָס איהר פארלאַנגט.

### מעפיסטאפעלעס.

א גלאז פון דעם גוט באקאנטען זאפט,
נאר פון דעם עלטסטען בעט איך דיך;
די יאהרען פארדאפעלען די קראפט.

### די מכשפה.

מיט פארגעניגען. דא האב איך א גאנצע פלאש,
פון וועלכער איך אליין אמאל אויך נאש,
וואס זי אויך שוין נישט מעהר שטינקט;
איך וועל אייך א גלעזעל גערן געבען.

(שטיל).

דאך ווען דער מאן ׳ס נישט פארבערייטעט טרינקט,
קען ער נישט, ווי איהר ווייסט, א שטונדע לעבען.

### מעפיסטאפעלעס.

ער איז א גוטער פריינד, וועמען עס זאל גוט טהון;
גערן גיב איך איהם דאס בעסטע פון דיין קיך.
מאך דיין קרייז זאג אב דיין שפרוך
און גיב איהם גלייך א פולע שאל!

(די מכשפה מאכט, מיט זאנדערבארע באוועגונגען, א קרייז און שטעלט פאנטאסטישע זאכען אריין; אין דער זעלבער צייט הייבען די גלעזער אן צו קלינגען, די קעסלען צו קלאפען און מאכען מוזיק. צולעצט ברענגט זי א גרויס בוך, שטעלט די מאלפעס אריין אין קרייז, וועלכע דיענען איהר אלס טיש און מוזען די פאקעל האלטען. זי ווינקט פאוסט׳ן צו איהר צוצוגעהען).

פ אַ ו ס ט (צו מעפיסטאָפעלעס).

ניין, זאָג מיר, וואָס זאָל פון דעם ווערן?
די משוגענע באַוועגונגען און ווילדע,
און דער נאַרישסטער באַטרוג,
זענען מיר באַקענט, פאַרהאַסט גענוג.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

נאַרישקייטען! דאָס איז נאָר צום לאַכען;
זיי נישט אַזאַ שטרענגער מאַן!
זי מוז אַלס ארצט אַ האָקוס־פּאָקוס מאַכען,
כדי עס זאָל די זאַפט דיר גוט טהון.

(ער צווינגט פאוסט'ן אין קרייז אריינצוטרעטען).

די מ כ ש פ ה (הייבט אָן מיט גרויסער קראַפט פון דעם בוך צו דעקלאַמיערען).

דו מוזט פאַרשטעהן!
פון איינס מאַך צעהן,
און צוויי לאָז געהן,
און דריי מאַך גלייך.
דאַן ביזט דו רייך.
פאַרליער די פיער!
פון פינף און זעקס,
'זוי זאָגט די העקס'
מאַך זיעבען און אַכט,
דאַן איז'ס געמאַכט!
און ניין איז איינס,
און צעהן איז קיינס.
דאָס איז דאָס העקסען־איינמאַל־איינס!

**פאוסט.**

מיר דאכט די אלטע רעדט אין פיעבער.

**מעפיסטאפעלעס.**

דאס איז לאנג נאך נישט פאריבער,
איך קען עס גוט, ׳זוי קלינגט דאס גאנצע בוך;
׳ך האב אמאל דעריבער צייט פארלוירען,
ווייל א פאלקאמענער ווידערשפרוך
בלייבט גלייך געהיימניספול פאר קלוגע און נאראנים.
מיין פריינד, די קונסט איז אלט און ניי.
מען האט אזוי אין אלע צייטען,
דורך דריי און איינס, און איינס און דריי,
טעות׳ן אנשטאט אמת׳ן פארשפרייט.
אזוי לערנט מען און פלאפּעלט אונגעשטערט;
ווער וויל אבגעבען זיך מיט נארען?
געוועהנליך גלייבט דער מענש, ווען ער נאר ווערטער הערט,
מען דארף דערביי דאך עטוואס דענקען אויך!

**די מכשפה** (רעדט ווייטער).

די הויכע קראפט
פון וויסענשאפט,
פאר דער גאנצער וועלט פארבארגען!
און ווער נישט דענקט
דעם ווערט זי געשענקט,
ער האט זי גאר אהן זארגען.

**פאוסט.**

וואס פאר א נארישקייטען רעדט זי דא?
עס וועט זיך מיר דער קאפ צעשפאלטען.

מיר דאכט, איך הער אַ גאַנצען כאָר
פון הונדערט טויזענד נאַרען רעדען.

מעפיסטאָפעלעס.

גענוג שוין, אונפארגלייכליכע סיבילע! (75)
גיב דיין טראַנק אהער, און פיל
די שאָל שנעל ביז צום ראַנד אָן;
ווייל מיין פריינד וועט דער געטראַנק נישט שאַדען;
ער איז אַ מאַן מיט פיעלע ראַנגען,
וואָס האָט אמאָל אַ גוטען שלונג געטהון שוין.

(די מכשפה גיסט אָן, מיט פיעלע צערעמאָניעס, דעם געטראַנק אין שאָל; ווען פאוסט נעמט זי צום מויל ענטשטעהט א לייכטער פלאם).

די מכשפה.

פריש ארונטער! טרינק אין גאַנצען!
עס וועט דיר גלייך דיין האַרץ דערפרעהען.
ביזט מיט דעם טייפעל דו און דו
און ווילסט דיך פאַר אַ פלאַם דערשרעקען?

(די מכשפה לייזט אויף דעם קרייז. פאוסט טרעט ארויס)

מעפיסטאָפעלעס.

יעצט ארויס! דו טהאָרסט נישט רוהען.

די מכשפה.

זאָל דער טרונק אייך וואויל באַקומען!

מעפיסטאפעלעס (צו דער מכשפה).

און קען איך עטוואס טהון פאר דיר,
זאג עס מיר אין דער וואלפורגיס נאכט.

די מכשפה.

דא איז א ליעד! ווען איהר עס זינגט אמאל,
א מערקווירדיגע ווירקונג וועט איהר פיהלען.

מעפיסטאפעלעס (צו פאוסט).

קום נאר שנעל און לאז דיך פיהרען;
דו מוזט נישט־קשה'דיג נאך שוויצען,
כדי די קראפט זאל דורך און דורך דרינגען.
דאס עד'לע פוילענצען לערן איך שעצען דיך דערנאך,
און גלייך וועסט דו דערפיהלען מיט ליעבען פארגעניגען,
ווי אמאר זיך רעגט און לוסטיג שפרינגט ארום.

פאוסט.

לאז איין בליק מיך נאך אין שפיעגעל טהון!
ווי שעהן ׳ז געווען דאס פרויענבילד!

מעפיסטאפעלעס.

ניין! ניין! דו וועסט דאס מוסטער פון אלע פרויען
באלד לעבעדיג פאר דיינע אויגען זעהן. (שטיל)
דו זעהסט, מיט דעם געטראנק אין לייב,
העלענען באלד אין יעדען ווייב.

## VII.

### א גאס. (76)

פאוסט. מארגארעטע. (פאַרבייגעהענדיג).

פאוסט.

מיין שעהן, ליעב פרייליין, דאַרף איך וואגען,
מיין אָרעם אייך צו געבען און באַגלייטען?

מאַרגאַרעטע.

בין נישט קיין פרייליין, בין נישט שעהן,
און קען נישט באַגלייט אהיים מיר געהן.

(מאכט זיך לויז און אב).

פאוסט.

ביי גאָט! דאָס קינד איז ווירקליך שעהן!
אַזעלכעס האָב איך נאָך נישט געזעהן.
זי איז אַזוי שטיל און טוגענדרייך,
און אויך אַביסעל בייז צוגלייך.
די ליפּען רויטקייט, באַקען ליכט,
וועל איך אין לעבען נישט פאַרגעסען!
ווי זי די אויגען לאָזט אַרונטער,
האָט אין מיין האַרץ זיך איינגעפּרעגט.
און ווי שאַרף זי איז געווען,
'ס איז דאָך ווירקליך צום ענטציקען!

(מעפיסטאָפעלעס ערשיינט).

פאוסט.

הער! מוזט דאָס מיידעל ברענגען מיר!

מעפיסטאָפעלעס.

וועלכעס?

פאוסט.

וואָס איז געגאַנגען ערשט פאַרביי.

מעפיסטאָפעלעס.

די דאָ? ז׳ איז ערשט געקומען פון איהר גלח,
פון איהרע זינד האָט ער געמאַכט זי פריי;
׳ך האָב נעבען שטוהל מיך דורכגערוקט,
זי איז אַ גאַנץ אונשולדיג קינד,
וואָס איז פאַר גאַרנישט זיך מתודה;
איבער דער האָב איך קיין קראַפט.

פאוסט.

ז׳ איז איבער פיערצעהן יאָהר דאָך אַלט.

מעפיסטאָפעלעס.

דו רעדסט דאָך שוין ווי האַנס דער נאַר,
וואָס וויל נאָר יעדע בלום פאַר זיך;
און דענקט עס איז גיטש דאָ קיין עהר׳,
און גונסט וואָס מען נישט האָבען קען;
דאָך נישט אימער געהט די זאַך.

פאוסט.

מיין ליעבער האַר לויבזיכאַליין, (77)
לאָז מיך צורוה מיט דיין געזעץ!

איך זאָג עס דיר גאַנץ קורץ און שאַרף;
ווען נישט דאָס זיסע יונגע בלוט
היינט נאַכט אין מיינע אָרעמס רוהט,
געשיעדען זענען מיר צו מיטערנאַכט.

מעפיסטאָפעלעס.

באַדענקט נאַר אַלעס וואָס איז מעגליך!
איך דאַרף וועניגסטענס פערצעהן טעג
נאַר אַ געלעגענהייט צו זוכען.

פאַוסט.

וואָלט איך געהאַט נאַר שטונדען זיעבען,
וואָלט איך דעם טייפעל נישט בעדאַרפט
אַזאַ מיידעל צו פאַרפיהרען.

מעפיסטאָפעלעס.

איהר רעדט דאָך שוין ווי אַ פראַנצויז;
דאָך, בעט איך ס׳ זאָל אייך נישט פאַרדריסען:
צו וואָס דען גלייך מיט דעם געניעסען?
די פרייד איז גאַרנישט אַזוי גרויס,
ווען איהר נישט ערשט אַרויף, אַרום,
דורך אַלערליי ברימבאַריום,
צוגעריכט׳ און צוגעגרייט די שעהנע פופע
ווי ס׳ ווערט דערצעהלט אין איטאַליענ׳שע מעשה׳לעך. (78)

פאַוסט.

׳ך האָב אויך אָהן דעם אַפּעטיט.

מעפיסטאָפעלעס.

יעצט אָהן זיעדלעריי און שפּאַס!

איך זאג אייך, מיט דעם שעהנעם קינד
קען'ס נישט געהן אזוי געשווינד.
מיט שטורם קען מען דאס נישט נעהמען;
מיר מוזען געהן דא מיט א פלאן.

פאוסט.

ברענג עטוואס פון דעם מלאך מיר!
פיהר אהין מיך וואו זי רוהט!
ברענג מיר א האלזטוך פון איהר ברוסט,
א באנד וואס האט איהר קניע געפרעסט!

מעפיסטאפעלעס.

אום איהר זאלט זעהן אז אייער שמערץ
וויל שטילען איך, בארוהיגען,
וועלען מיר קיין אויגענבליק פארליערען,
'ך וועל אייך היינט נאך אין איהר צימער פיהרען.

פאוסט.

און זאל זי זעהן? באזיצען זי?

מעפיסטאפעלעס.

ניין!
זי וועט ביי א שכנ'טע היינט זיין.
דערווייל קענט איהר דארט גאנץ אליין,
פול האפנונג פון שפעטערער פרייד,
אטהעמען די לופט וואס היהלט זי איין.

פאוסט.

קענען מיר שוין געהן?

מעפיסטאָפעלעס.

'ס איז נאָך צו פריה.

פאוסט.

זאָרג דו מיר פאר א געשענק פאר איהר. (אב).

מעפיסטאָפעלעס.

גלייך שענקען? דאָס איז גוט! ער וועט שוין זיעגען!
איך קען פיעלע שעהנע פלעצער
און מאַנכע אַלט באַגראָב'נע אוצרות;
איך מוז אַביסעל רעווידיערען. (אב).

## VIII.

# אבענד. (79)

(א קליין ריין צימערל).

מארגארעטע (איהרע צעפּ פארפלעכטענדיג און אויפפלעכטענדיג).

'ך וואלט עטוואס געגעבען, איך זאל קענען וויסען,
ווער 'ס איז היינט געוועזן דער האר!
ער האט געוויס שעהן אויסגעזעהן,
און שטאמט אויך פון אַן עדלעם הויז;
איך האב געקאנט דאס אויף זיין שטערן זעהן —
אנדערש וואלט ער נישט אזוי פרעך געוועזן. (אב).

מעפיסטאפעלעס. פאוסט.

מעפיסטאפעלעס.

אריין, גאנץ שטיל, נו קום אריין!

פאוסט (נאך א קורצען שווייגען).

איך בעט דיך, לאז מיך יעצט אליין!

מעפיסט. (פארשענד ארומקוקענדיג).

נישט יעדעס מיידעל האלט 'זוי ריין. (אב).

## פאוסט (ארומקוקענדיג).

ווילקאָמען, זיעסער דעמערונגשיין!
דו וואָס דאָס הייליגטהום דורכוועבסט.
ערגרייף מיין הארץ, דו זיעסער ליעבעספיין!
דו וואָס פון דעם טהוי פון האָפנונג לעבסט פארשמאכט.
ווי אָטהעמט דאָ אַ זאַנפט געפיהל פון שטילקייט,
פון אָרדנונג און צופריעדענקייט!
אין דער אָרעמקייט וואָס פאַר אַן איבערפלום!
אין דעם קערקער וועלכעס גליק!

(ער ווארפט זיך אויף דעם לעדערנעם שטוהל נעבען בעט).

אַ נעם מיך אויף! דו וואָס דו האָסט פאַרגאַנג'נע דורות שוין
אין פרייד און לייד מיט אָפ'נע אָרעמס אויפגענומען!
ווי אָפט, אַך! האָבען ביי דעם פאָטער־טהרוין
דאָ קינדערלעך געלאַכט געשפּיעלט זיך!
פיליייכט האָט, דאַנקבאַר פאַר אַ ווייהנאַכט־געשענק,
מיין ליעבסטע דאָ, מיט בליה'נדע קינדערבאַקען,
דעם עלטער זיידען פרום די בלייכע האַנד געקושט.
אָ, יונגפרוי, 'ך פיהל דיין ליעבען גייסט
פליסטערן אַרום מיר מיט איבערפלום און אָרדנונג,
וואָס טעגליך מיטערליך דיך פיהרט,
דעם צודעק אויף דעם טיש דיר ריינליך לעגען הייסט,
און קרויזט אפילו 'ם זאַמד ביי דיינע פיס.
אָ ליעבע האַנד! ווי געטערגלייך!
דאָס שטיבעל ווערט דורך דיר אַ הימעלרייך.
און דאָ!

(ער הייבט אויף א בעט־פאָרהאנג).

וואָס פאַר אַ זיעסער שוידער 'ס לויפט מיין קערפּער דורך!
איך וואָלט געוואָלט דאָ פיעלע שטונדען בלייבען.

נאַטור! דאַ האָסט דו אין לייכטע טרוימען
געשאַפען אַן א י י נ ג ע ב ו י ר'נ ע ם מלאך;

דאַ איז דאָס קינד געלעגען, מיט וואַר'מען לעבען
די צאַרטע ליעבע ברוסט געפילט,
און דאַ מיט הייליג ריינעם וועבען
זיך ענטוויקעלט האָט דאָס געטער־בילד!

און דו! וואָס האָט דיך אַהער געבראַכט?
ווי טיעף פיהל איך מיך יעצט געריהרט!
וואָס ווילסט דו דאַ? וואָס ווערט דאָס הארץ דיר שוועהר?
אָר'מער פאַוסט! איך דערקען דיך גאָרנישט מעהר.

שוועבט ארום מיר דאַ אַ צויבערדופט?
דער דראַנג בלויז צו געניעסען האָט געבראַכט אַהער מיך,
און פיהל ווי איך צוגעה גאַר אין אַ ליעבעסטרוים!
זענען מיר אַ שפּיעל פון יעדען דרוק פון לופט?

און וואָלט זי אין דעם אויגענבליק אַריינגעקומען,
ווי וואָלסט דו פאַר דיין פרעכקייט שוועהר באַצאָהלט!
דער ריעז, ווי קליין וואָלט ער געווען דאַן!
צעשמאָלצען וואָלט געלעגען ער צו איהרע פיס.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

גיכער! איך זעה זי אונטען קומען.

פ א ו ס ט.

אוועק! אוועק! איך געה נישט מעהר צוריק!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

דאַ איז אַ קעסטעל, היבשלעך שווער,
'ך האָב עס אַנדערשוואו גענומען.
שטעלט'ס אַריין נאָר דאַ אין שראַנק,
איך שוועהר אייך, זי פאַרליערט די חושים

ך׳ האָב זאַכען דאָרט אַריינגעלעגט,
איהר זאָלט אַן אַנדערע געווינען.
דאָך, קינד איז קינד און שפּיעל איז שפּיעל.

פ א ו ס ט.

איך ווייס נישט, זאָל איך?

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

פרעגט איהר נאָך?
ווילט איהר פאַר אייך דעם אוצר האַלטען?
דאַן ראָטה איך אייער שטאַרקע לוסט,
די שעהנע ליעבע צייט פון טאָג
און מיר די ווייט׳רע מיה צו שפּאָרען.
איך האָף, איהר זענט נישט גייציג!
איך קראַץ דעם קאָפּ, און רייב די הענד —

(ער שטעלט דאָס קעסטעל אין דעם שראַנק און דריקט ווידער צו דעם שלאָס).

יעצט שנעל אַוועק! —
אום אייך דאָס זיעסע יונגע קינד
נאָך אייער האַרצענסלוסט און וואונש צו בינדען;
און איהר זעהט אויס,
גלייך, איהר וואָלט אין פּאָרטראַגזאַל געגאַנגען,
גלייך גרוי לעבעדיג פאַר אייך געשטאַנען
וואָלטען פיזיק און מעטאַפיזיקאַ!
נו, אַוועק! (אב).

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

׳ס איז אַזוי היים און שטיקענד דאָ!

(זי מאַכט דאָס פענסטער אויף).

און דאָך אין דרויסען איז נישט וואַרעם.
עס ווערט מיר שווערער, איך ווייס נישט וואָס —
וואָלט כאָטש די מאַמע שוין געקומען.
אַ שווידער לויפט מיר איבער'ן לייב —
איך בין אַ נאַריש שרעקעדיג ווייב.

(זי הייבט אָן זינגען, אין צייט וואָס זי טהוט זיך אויס).

געווען איז אַ קעניג אין טהולע,
וואָס ביז צום גרוב געווען איז טריי.
וועמען שטאַרבענד זיין געליעבטע
געלאָזט אַ בעכער האָט פון גאָלד.

פאַר איהם איז טהיי'רערס נישט געווען,
'ר האָט איהם געלעערט ביי יעדען פעסט;
טרערן זענען איהם גערינען,
ווען ער פלעגט פון בעכער טרינקען.

און ווען ער האָט געדאַרפט שוין שטאַרבען,
זיינ' אַלע שטעדט האָט ער געצעהלט,
אַלץ געגעבען זיינע יורשים,
נאָר דעם גאָלד'נעם בעכער נישט.

ער איזביים קעניגספעסט געזעסען,
און די ריטער אַרום איהם,
אין דעם הויכען עלטערן־זאַל,
דאָרטען אין דעם שלאָס ביים ים.

געשטאַנען 'ז דאָרט דער אַלטער טרינקער,
געטרונקען לעצטען לעבענס גלוט,
דעם הייל'גען בעכער דאַן געוואָרפען
אַרונטער אין דעם ווילדען שטראָם.

ער האָט געזעהן איהם פאַלען, זינקען,
זינקען אין דעם טיעפען ים,
די אויגען זיינען איהם געזונקען,
געטרונקען נישט אַ טראָפּען מעהר.

(זי עפענט דעם שראנק איהרע קליידער אריינצולעגען
און דערבליקט דאָס שמוק-קעסטעל).

ווי קומט דאָס שעהנע קעסטעל דאָ אַהער?
איך האָב דעם שראַנק דאָך צוגעשלאָסען.
עס איז דאָך וואונדערבאַר! וואָס קען אינווייניג זיין?
אפשר האָט דאָס אימיצער געבראַכט אַלס משכן,
און די מאַמע האָט דאַרויף געבאָרגט.
עס הענגט אַ שליסעלע דערביי,
איך דענק איך וועל עס עפענען!
וואָס איז דאָס? גאָט אין הימעל! זעה,
'ך האָב אַזוינס נאָך אין מיין לעבען נישט געזעהן!
אַ שמוק! עס וואָלט געקענט אַן עדעלפרוי
מיט דעם דאָך אין אַ יום טוב געהן.
ווי וואָלט מיר די קעט געפּאַסט?
וועמען קען דאָס אַלץ געהערען?
(פּוצט זיך אוים דערמיט און טרעט פאַר דעם שפּיעגעל).
וואָלטען ד'אויררינגלעך געווען מיינע!
מען זעהט גאַנץ אַנדערש אין דעם אוים.
וואָס העלפט אייך שעהנקייט, יונגעס בלוט?
כאָטש דאָס אַלץ איז וואויל און גוט,
דאָך קיינער מאַכט זיך נישט דערפון;
מען לויבט אייך אוים רחמנות.
נאָך גאָלד זיך דרענגט,
פון גאָלד נאָר הענגט
דאָך אַלעס אָפּ. אַך מיר אָרימע!

## IX.

## שפאציערגאנג. (80)

---

(פ א ו ס ט פארזונקען אין געדאנקען געהט אב און אויף.
נעבען איהם מ ע פ י ס ט א פ ע ל'ע ס).

מ ע פ י ס ט א פ ע ל ע ס.

ביי דער עביג פארלאכטער ליעבע! ביי די גהינם
עלעמענטען!
'ך וואלט עטוואס ערגערס וועלען וויסען, איך זאל
ערגער קענען שעלטען!

פ א ו ס ט.

וואס איז דיר? וואס קנייפט דיך אזוי שטארק?
'ך האב נאך אזא פנים אין מיין לעבען נישט געזעהן!

מ ע פ י ס ט א פ ע ל ע ס.

איך וואלט מיך גלייך דעם טייפעל אבגעגעבען,
ווען איך וואלט אליין קיין טייפעל נישט געווען!

פ א ו ס ט.

איז עטוואס דיר אין קאפ נישט גלאטיג?
עס פאסט דיר ווי א משוגענער צו רעווען!

מ ע פ י ס ט א פ ע ל ע ס.

דענקט נאר, דעם שמוק וואס 'ך האב געבראכט פאר
גרעטכען,

האָט אַ גלח צוגענומען !
די מאַמע נעמט די זאַך באַטראַכטען,
און עטוואָס הייבט זי גלייך אָן שרעקען ;
די פרוי האָט אַ גאַנץ פיינעם גערוך,
שמעקט נאָר שטענדיג אין געבעט־בוך,
און שמעקט צו אַלע זאַכען צו,
אויב דאָס הייליג אָדער אונריין איז,
און קלאָהר האָט זי, ביים שמוק, געזעהן,
איז צופיעל ברכה נישט געוועזן.
„מיין קינד", זאָגט זי, „אונגערעכטעס רייכטהום
פאַרדאַרבט די זעעלע, צעהרט אויף דאָס בלוט.
מיר וועלען עס גלייך גאָטס מאַמע שענקען,
און זי וועט אונז מיט געטליכען מן באַצאָהלען !
מאַרגאַרעטע האָט דאָס מויל פאַרקרימט,
און געטראַכט : „'ס איז דאָך אַ געשענקט פערד בלויז,
און ווירקליך ! גאָטלויז איז נישט דער,
וואָס האָט געבראַכט עס דאָ אַהער".
די מוטער האָט געשיקט אַ גלח רופען ;
ווי ער האָט קוים דעם שפּאַס דערהערט,
האָט ער מיט פאַרגעניגען אַלץ באַטראַכט.
און געזאָגט : „אָט דאָס הייסט אמת עהרליך !
ווער זיך באַזיעגט, דער געווינט.
די קירכע האָט אַ גוטען מאַגען,
האָט גאַנצע לענדער אויפגעפרעסען
און זיך נישט קיינמאָל איבערגעגעסען ;
די קירך אַליין, מיינע ליעבע פרויען,
קען אונעהרליך רייכטהום גוט פאַרדייהען."

פּ א ו ס ט.

דאָס איז אַ געוועהנליכער געברויך,
אַ איד און קעניג קען דאָס אויך.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

און האָט גענומען שפּאַנגען קעט און רינגען,
ווי ׳ס וואָלטען גאָרנישט׳ן געווען,
נישט ווייניגער געדאַנקט, נישט מעהר,
ווי ׳ס וואָלט אַ קאָרב מיט ניס געווען,
האָט זיי פאַרשפּראָכען הימלישען לוין,
און זיי האָבען זיך דערפון געפרעהט.

פ אָ ו ס ט.

און גרעטכען?

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

זיצט אונרוהיג יעצט,
ווייסט נישט וואָס זי וויל און זאָל,
דענקט פון דעם שמוק נאָר טאָג און נאַכט,
מעהר ווי פון דעם וואָס האָט׳ס געבראַכט.

פ אָ ו ס ט.

דער ליעבסטערס קומער טהוט מיר לייד.
ברענג אַן אַנדער ציהרונג איהר!
אין ערשטען איז נישט פיעל געווען.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

אָ יאָ, ביים האר איז אַלץ אַ קינדער שפּיעל!

פ אָ ו ס ט.

און טהו און מאַך עס ווי איך וויל,
פּרוביער נאָר ביי איהר שכנ׳טע!
זיי טייפעל דאָך נאָר נישט ווי ברייַ,
און ברענג אהער אַ נייעם שמוק!

### מעפיסטאָפעלעס.

**פון גאַנצען הארצען גנעד'גער האַר.**

(פאוסט אב).

### מעפיסטאָפעלעס.

אַזא פאַרליעבטער נאַר פאַרבלאָזט
אייך זון, לבנה, אַלע שטערן,
צום צייטפערטרייב פון זיין געליעבטער, אין דער לופט.

(אב).

X.

## דער שבנ'טעם הויז. (81)

מארטהע (אליין).

גאָט זאָל מוחל זיין מיין מאַן,
ער האָט נישט גוט געהאַנדעלט געגען מיר!
געהט פּלוצים אין דער וועלט אַוועק,
און לאָזט אַליין מיך ליגען אויף'ן שטרוי.
איך האָב דאָך קיינמאָל נישט באַטריעבט איהם
און הארציג האָב, גאָט ווייסט, געליעבט איהם.

(זי וויינט).

אפשר איז ער טויט גאָר? — אָ וועה!
וואָלט איך כאָטש אַ טויטענשיין געהאַט!

מארגארעטע (קומט).

פרוי מאַרטהע!

מארטהע.

וואָס איז גרעטכען?

מארגארעטע.

עס זינקען מיר איינפאַך די קניע!
ך' האָב געפונען אַזאַ קעסטעל וויעדער
אין מיין שראַנק, פון עבענהאָלץ,
מיט פיעלע וואונדערשעהנע זאכען,
פיעל רייכער ווי דאָס ערשטע נאָך.

מארטהע.

דו טהאָרסט דער מאַמע גאָרנישט זאָגען;
זי וועט דאָס באַלד צום גלח טראָגען.

מארגארעטע.

אָ, זעהט עס נאָר! אָ, זעהט עס נאָר!

מארטהע (פוצט זי אוים).

אָ דו גליקליכע!

מארגארעטע.

איך טאָהר מיך, ליידער, נישט אין גאַס
און נישט אין קירכע מיט דעם ווייזען.

מארטהע.

קום נאָר אָפט צו מיר אַריבער,
און טהו דעם שמוק באַהאַלטען אָן;
שפּאַציער דיך דורך אַ שטונדע פאַר׳ן שפּיגעל,
אוןביידע וועלען מיר זיך פרעה׳ן.
דאַן מאַכט זיך אַ געלעגענהייט, אַ פעסט,
וואו מען ציינט עס ביסלעכווייז פאַר לייטען.
אַ קעטעלע צוערשט דערנאָך אין אויר אַ פערל;
די מאַמע וועט נישט זעהן, אָדער מען דערצעהלט איהר
שוין עטוואָס.

מארגארעטע.

ווער האָט געקענט דאָס קעסטעל ברענגען?
עפּעס איז דערביי נישט ריכטיג!

(עס קלאַפּט).

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

אַך גאָט! זאָל אפשר דאָס מיין מאַמע זיין?

מ אַ ר ט ה ע (קוקט דורך דעם פאָרהענגעל).

עס איז אַ פרעמדער האר — אריין!

(מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס ערשיינט).

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

בין אזוי פריי אריין צו טרעטען,
'ך מוז פאַרצייהונג ביי די פרויען בעטען.

(טרעט עהרווירדיג צוריק פאר מארגארעטען).

'ך האָב געוואָלט מיך נאָך פרוי מאַרטהע שווערדטליין
פרעגען!

מ אַ ר ט ה ע.

איך בין 'ס, וואָס האָט דער האר צו זאָגען?

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס (שטיל צו איהר).

איך קען אייך, מיר איז דאָס יעצט גענוג;
איהר האָט דאָ גאַנץ פאָרנעהמען באַזוך.
פאַרצייה'ט די פרייהייט, וואָס איך האָב גענומען,
איך וועל היינט נאָכמיטאָג ווידער קומען.

מ אַ ר ט ה ע (הויך).

הער, קינד, פאַר אַלעס אין דער וועלט!
עס האַלט דער האר דיך פאַרא פרייליין.

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

איך בין אַ יונג און אָרעם מיידעל;

אך גאָט! דער האר איז ווירקליך גוט:
שמוק און ציהרונג איז נישט מיינס.

מעפיסטאָפעלעס.

אַ, ׳ס איז נישט דער שמוק אַליין;
דאָס גאַנצע וועזען, און דער שאַרפער בליק!
עס פרעהט מיך ווירקליך וואָס איך בלייבען מעג.

מארטהע.

וואָס וויל דער האר? ׳ך וואָלט וועלען וויסען —

מעפיסטאָפעלעס.

׳ך וואָלט אייך געוואָלט אַ בעס׳רע נייעס ברענגען!
איך האָף איהר וועט עס נישט פאַר אומגוט נעהמען:
אייער מאַן איז טויט, און לאָזט אייך גריסען.

מארטהע.

איז טויט? דאָס טרייע הארץ! אַ וועה!
מיין מאַן איז טויט! אַך איך דערגעה!

מארגארעטע.

אַ, ליעבע פרוי פאַרצווייפעלט נישט!

מעפיסטאָפעלעס.

הערט די טרויריגע געשיכטע אוים!

מארגארעטע.

דערפאַר וואָלט איך מיין לעבען לאַנג נישט ליעבען;
אַזא פאַרלוסט וואָלט מיך צו טויט באַטריעבט.

מעפיסטאפעלעס.

פרייד מוז לייד, לייד מוז פריידען האבען.

מארטהע.

דערצעהלט מיר שוין זיין לעבענס ענד!

מעפיסטאפעלעס.

ער ליגט אין פאדוא באגראבען,
ביים היילִיגען אנטאָניוס,
אין אַ שעהן געבויטען קבר
וואו 'ם איז אייביג שטיל און קיהל.

מארטהע.

האט איהר מעהר נישט וואס צו זאגען?

מעפיסטאפעלעס.

יא, אַ גרויסע ביטע און אַ שווערע;
איהר זאלט דרייהונדערט מעסעס פאר איהם לאזען זינגען! (82)
איבריגענס, זענען מיינע הענד מיר לעדיג.

מארטהע.

וואס! נישט אַ גראשען? נישט קיין ציהרונג?
וואס יעדער ארבייטס אינגעל שפּארט אין זאק אב,
און באהאלט צום אנדענק,
און ליעבערשט הונגערט, ליעבערשט בעטעלט!

מעפיסטאפעלעס.

מאדאם, עס טהוט מיר הערצליך לייד;
דאך 'ר האט פארשווענדעט נישט זיין געלד.

ער האָט אויך באַרייט זיין פעהלער זעהר,
יאָ, ער האָט באַווייזט זיין אומגליק נאָך פיעל מעהר.

מ א ר ג א ר ע ט ע.

אַך. ווי אומגליקליך די מענשען זענען!
איך וועל געווים פאַר זיין נשמה בעטען.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

איהר זענט ווערטה גלייך חתונה צו האָבען
איהר זענט אַ ליעבענסווירדיג קינד.

מ א ר ג א ר ע ט ע.

אַך, ניין, דאָס קען נאָך יעצט נישט געהן.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

איז נישט דאָ אַ מאַן, זאָל דערווייל זיין אַ געליעבטער,
'ס איז דאָס גרעסטע הימעלסגליק
אזא געליעבטע אין די הענד צו האָבען.

מ א ר ג א ר ע ט ע.

'ס איז נישט דער ברויך פון אונזער לאַנד.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

ברויך אָדער נישט! מען קען דאָך אָבער.

מ א ר ט ה ע.

דערצעהלט מיר ווייטער!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

איך בין ביי זיין שטערבעבעט געשטאַנען,
פון מיסט איז עס געווען אַביסעל בעסער,

פון האַלב פאַרפוילטען שטרוי; דאָך ער איז אַלס
קריסט געשטאָרבען,
און האָט געפיהלט ווי ׳ר האָט נאָך שולדען גרעסערע
אויף זיך.
„ווי,“ האָט ער געזאָגט, „מוז איך אַליין מיך האַסען,
אַזוי מיין אַרבייט און מיין ווייב צו פאַרלאָזען!
אַך! די ערינערונג דערהרג׳עט מיך.
וואָלט זי מיר ביים לעבען כאָטש פאַרגעבען!“ —

מאַרטהע (וויינענדיג).

דער גוטער מאַן! ׳ך האָב איהם שוין לאַנג פאַרגעבען.

מעפיסטאָפעלעס.

„דאָך איין גאָט ווייסט! ׳ס איז מעהר געווען איהר
שולד ווי מיינע.“

מאַרטהע.

דאָס ליגט ער! וואָס! ביים ברעג פון קבר צו ליגען!

מעפיסטאָפעלעס.

ער האָט זיכער נישט געוואוסט שוין וואָס ער רעדט,
ווען איך האַלבוועגס נאַר אַ קענער בין.
„איך האָב“, האָט ער געזאָגט, „נישט צייט געהאַט צו
גאַפען,
ערשט קינדער, און דאַן ברויט פאַר זיי צו שאַפען,
און ברויט אין ברייטסטען זין,
און אפילו נישט געקענט מיין טהייל אין פריעדען עסען“.

מאַרטהע.

האָט ער אַזוי זיין ליעבע און טריייקייט פאַרגעסען,
די פּלאָגעניש פון טאָג און נאַכט?

מעפיסטאָפעלעס.

אַך ניין, גערירהרט האָט ער פון אייך געטראַכט,
און געזאָגט „פון מאַלטא ווען איך בין אַוועק,
האָב האַרציג איך געבעטען פאַר ווייב און קינדער;
און דער הימעל האָט אונז אויך געהאָלפען,
אונזער שיף האָט אַ טערקישע שיף געפאַנגען,
וואָס צום סולטאַן האָט געפיהרט אַ גרויסען שאַץ.
דאַן האָט די טאַפּפערקייט געהאַט איהר לוין,
און האָב ערהאַלטען, ווי ס'ם געהער זיך,
מיין רעכט פאַרדיענטען טהייל דערפון".

מאַרטהע.

ווי אַזוי? און וואו? האָט ער עס פיליכט באַגראָבען?

מעפיסטאָפעלעס.

ווער ווייסט וואו עס די פיער ווינטען האָבען.
אַ שעהן יונג מיידעל האָט געזאָרגט פאַר איהם
ווען ער האָט אין נעאַפּעל פרעמד אַרומשפּאַציערט;
זי האָט איהם אַזוי פיעל גוטס געטהאָן, און ליעב געהאַט,
אַז ער האָט עס ביז צום שטאַרבען נישט פאַרגעסען.

מאַרטהע.

דער שלעכטער! דער רויבער פון זיינע קינדער!
דער גאַנצער עלענד, גאַנצע נויט
האָט זיין שענדליך לעבען אָבהאַלטען נישט געקענט!

מעפיסטאָפעלעס.

נו, זעהט! דערפאַר איז ער יעצט טויט.
וואָלט איך יעצט אויף אייער פּלאַץ געווען,

איך וואָלט נאָך איהם אַ יאָהר געטרויערט,
און דערווייל געזוכט אַן אַנדער שאַץ.

מ אַ ר ט ה ע.

אַך גאָט! ווי מיין ערשטער איז געווען,
געפין איך לייכט נישט אויף דער וועלט אַן אַנדערן!
עס קען קוים געבען אַזאַ האַרציג נאַרעלע ווי ער.
ער האָט ליעב געהאַט נאָר אַלע מאָל צו וואַנדערן,
און פרעמדע ווייבער און פרעמדען ווייַן,
און דעם פאַרפלוכטען ווירפעל־שפּיעל.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

נו, נו, עס וואָלט געקענט שוין געהן,
ווען ער וואָלט אייך אַביסעל נאָר
נאָכגעגעבען פון זיין זייט.
איך שווער אייך צו, מיט דעם באַדינג,
געביטען וואָלט איך אַליין מיט אייך דעם רינג.

מ אַ ר ט ה ע.

אָ, עס וויל דער האַר בלויז שפּאַסען!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס (פאַר זיך).

יעצט מוז איך שוין באַצייטענס געהן!
די קען דעם טייפעל אויך נאָך האַלטען ביי זיי וואָרט.

(צו גרעטכען).

ווי האַלט עס דען מיט אייער האַרץ?

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

וואָס מיינט דער האַר דערמיט?

מעפיסט. (פאר זיך).

דו גוט אונשולדיג קינד!

(הויך).

זייט געזונד איהר פרויען!

מארגארעטע.

געהט געזונד!

מארטהע.

אָ, זאָגט מיר דאָך,
איך וואָלט געוואָלט אַ צייג'ניש האָבען,
וואו און ווען עס איז מיין שאַץ געשטאָרבען און באַגראָבען.
איך בין פון תמיד אָן אַ פריינד פון אָרדענונג געוועזן.
איך וואָלט געוואָלט זיין טויט אויך אין דעם וואָכענ־
בלעטעל לעזען.

מעפיסטאָפעלעס.

יאָ, גוטע פרוי, דורך דעם מויל פון עדות צוויי,
ווערט דער אמת גלייך באַשטעטיגט;
'ך האָב נאָך אַ פיינעם גוטען פריינד,
ער וועט אויך צום ריכטער געהן.
איך ברענג איהם אַהער.

מארטהע.

איך בעט אייך טהוט דאָס!

מעפיסטאָפעלעס.

און די יונגפרוי וועט אויך זיין דאָרט?
א וואוילער יונג! האָט פיעל גערייזט,
און איז צו פרייליינס העפליך זעהר.

מארגארעטע.

'ך וועל פאר דעם האר פארשעהמט, רויט ווערן.

מעפיסטאפעלעס.

פאר קיין קעניג פון דער ערד!

מארטהע.

דא הינטערן הויז אין מיין גארטען
וועלען מיר היינט אבענד פאר די הערדען ווארטען.

## XI.

### גאס. (83)

פאוסט. מעפיסטאפעלעס.

פאוסט.

נו? ווי שטעהט עס? ווערט׳ס באלד געהן?

מעפיסטאפעלעס.

אָ, בראוואָ! האָב איך איך געפונען היים?
אין אָ קורצער צייט איז גרעטכען אייערע.
היינט אָבענד וועט איהר זי ביי מארטהע׳ן זעהן:
דאָס ווייב איז ווי בעשאפען
צום קופלען און ציגיינערשטיק!

פאוסט.

גאנץ גוט!

מעפיסטאפעלעס.

דאָך ווערט פון אונז עטוואס באגעהרט.

פאוסט.

עס איז איין דיענסט די צווייטע ווערט.

מעפיסטאפעלעס.

אָבלעגען דארפען מיר אָ צייגעניש
אַז די אויסגעשטרעקטע גליעדער פון איהר מאן
אין פאדוא אין אָ הייליגען קבר רוהען.

פ א ו ס ט.

זעהר קלוג! מיר וועלען מוזען ערשט די רייזע מאכען!

מ ע פ י ס ט א פ ע ל ע ס.

סאנקטא סימפליציטאס! מען דארף דא גארנישט טהון;
זייט אן עדות אהן א סך צו וויסען.

פ א ו ס ט.

אויב דו ווייסט נישט עטוואס בעסערס איז דער פלאן
צעריסען.

מ ע פ י ס ט א פ ע ל ע ס.

א, הייל'גער מאן! אט ווערט איהר עס!
איז עס דאס ערשטע מאל אין אייער לעבען,
אז איהר לעגט פאלשע צייג'ניש אב?
האט איהר נישט פון גאט, און וואס זיך אין דער וועלט
באוועגט,
פון מענשען, וואס זיך אין קאפ און הארצען רעגט,
ערקלעהרונגען מיט הויכער קראפט געגעבען?
מיט פרעכען שטערן, שטאלצער ברוסט?
און ווילט איהר טיעף די זאך באטראכטען,
האט איהר דערפון, איהר מוזט געשטעהן,
אזוי פיעל, ווי פון הער שווערדטליינס טויט געוואוסט!

פ א ו ס ט.

דו ביזט און בלייבסט א ליגנער, א סאפיסט!

מ ע פ י ס ט א פ ע ל ע ס.

יא, ווען מען וואלט דאס טיעפער נישט געוואוסט.
ווייל וועסט דו מארגען נישט מיט עהר'ן געפיהל,
די אר'מע גרעטכען באצויבערן, פארפיהרען,
און איהר נשמה־ליעבע שווערען?

### פאוסט.

און פון גאנצען הארצען.

### מעפיסטאפעלעס.

גוט און שעהן!
דאן וועט פון דער עב׳גער טרייער ליעבע,
און פון דעם איינציג אלמעכטיגען טריעב —
וועט אויך דאס פון הארצען געהן?

### פאוסט.

שוויג שטיל! עס וועט! — ווען איך נאר פיהל,
און פאר דער קראפט און דעם געפיהל,
א נאמען זוך, און נישט געפין,
דאן דורך דער וועלט מיט אלע חושים וואנדער,
און גרייף נאך אלע שענסטע ווערטער,
און דאס פייער פון וועלכען איך ברען,
אונענדליך, עביג, עביג רוף,
איז דאס א טייפליש ליגנערשפיעל?

### מעפיסטאפעלעס.

איך בין דאך גערעכט!

### פאוסט.

הער! מערק דיר דאס —
זאלסט מיינע לונגען שוינען בעט איך דיך —
דער וואס וויל גערעכט זיין און האט א צונג דערצו,
דער וועט זיין געווים.
יעצט קום, איך בין שוין מיעד פון פלאפלען,
ווייל דו ביזט גערעכט, אודאי, ווייל איך מוז.

❧ ❧ ❧

XII.

## גארטען. (84)

(מארגארעטע מיט פאוסט'ן געארמט, מארטהע מיט מעפיסטאפעלעס שפאציערענדיג אויף און אב).

מארגארעטע.

איך פיהל עס גוט, ווי דער האר מיך שוינט,
לאזט ארונטער זיך, מיך צו פארשעהמען.
א רייזענדער איז שוין געוואוינט,
אלץ, אוים גוטסקייט, פאר ליעב צו נעהמען.
איך ווייס צו גוט, אזא ערפאר'נעם מאן,
קען מיין געשפרעך נישט אונטערהאלטען.

פאוסט.

א בליק פון דיר, א ווארט מעהר אונטערהאלט,
ווי די חכמה פון דער גאנצער וועלט.

(קושט איהר האנד).

מארגארעטע.

באמיהט אייך נישט! ווי קענט איהר זי גאר קושען?
זי איז אזוי מיאוס, אזוי גראב!
וואס האב איך נישט געמוזט שוין טהון!
'ם האט די מאמע ליעב אז אלץ זאל זיין געניי.

(געהען פאריבער).

מ א ר ט ה ע.

און איהר, מיין האַר, רייזט שטענדיג נאַר אַרום?

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

אַך, געשעפט און פליכט טרייבען אונז דערצו!
מיט וויפיעל שמערץ פאַרלאָז איך מאַנכען אַרט,
און איך קען פאַרט נישט בלייבען דאָרט?

מ א ר ט ה ע.

אין די יונגע יאָהרען געהט עס נאַך,
אין דער וועלט זיך אַזוי פריי אַרום צו יאָגען;
אָבער שפּעטער קומט אַ שווערע צייט,
און אַלס בחור זיך אַליין צום קבר שלעפען
האָט קיינעם נאָך קיין גוט'ס געטהאָן.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

מיט שוידער זעה איך דאָס פון ווייטענס.

מ א ר ט ה ע.

דאַן, ווערטהער האַר, באַראַטה אייך גלייך באַצייטענס.

(געהען פאַראיבער).

מ א ר ג א ר ע ט ע.

יאָ, פון די אויגען, פון דעם האַרצען!
העפליך זיין איז פאַר אייך לייכט;
דאָך איהר האָט נאָך פיעלע פריינד,
וואָס זענען מעהר פאַרשטענדיגער פון מיר.

פ א ו ס ט.

אָ, בעסטע! גלויב מיר, וואָס מען פאַרשטענדיג רופט,
איז אָפט מעהר אייטעלקייט און קורצזין.

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

ווי אזוי?

פ א ו ס ט.

אַך, אַז די איינפאַכקייט און אונשולד האָבען קיינמאָל
נישט אַליין דערקענט זיך אין זיי'ר הייל'גען ווערטה!
אַז עניוות, אונטערטעניגקייט, די העכסטע גאַבען
וואָס אזוי ליעבפול 'ם טהיילט אוים די נאַטור —

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

וואָלט איהר פון מיר אַביסעל נור געדענקט,
איך וועל האָבען צייט גענוג פון אייך צו דענקען.

פ א ו ס ט.

זענט איהר זעהר אָפט אַליין?

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

יא. אונזערווירטשאַפט איז אַ קליינע,
דאָך אויפפאַסען מוז מען זי.
מיר האָבען נישט קיין דיענסט: 'ך מוז קאָכען, קעהרען, שטריקען
און נעהען, און לויפען פון פריה ביז שפּעט;
און מיין מאַמע איז אין אַלע זאַכען
אזוי אַקוראַט!
נישט ווייל זי פיעל איינשפּאָרען דאַרף;

מיר וואָלטען געקענט אַלס פּיעלע אַנד'רע בעסער לעבען :
מיין טאַטע האָט געלאָזט אַ גרויס פאַרמעגען,
אַ הייזעל און אַ גאָרטען פאַר דער שטאָדט.
אָבער שטילער זענען מיינע טעג שוין יעצט ;
מיין ברודער איז סאָלדאַט,
מיין שוועסטערל איז טויט.
אמת, איך האָב מיט דעם קינד זיך פיעל געפּלאָגט ;
דאָך וואָלט איך אַלע ליידען נאָך אַמאָל געוואָלט,
אַזוי ליעב איז מיר דאָס קינד געוועזן.

### פ א ו ס ט.

**אַ מלאך ווען 'ס האָט אויסגעזעהן ווי דו.**

### מ א ר ג א ר ע ט ע.

'ך האָב'ס ערצויגען, און 'ס האָט האַרציג מיך געליעבט.
'ס איז נאָך מיין טאַטענס טויט געבוירען ;
אויפגעגעבען האָבען מיר די מאַמע,
אַזוי שוואַך איז זי געלעגען,
און האָט לאַנגזאַם, לאַנגזאַם זיך ערהאָלט.
זי האָט אויך נישט געקענט מעהר דענקען,
דאָס אָר'מע קינד אַליין צו זייגען,
און אַזוי האָב איך 'ס אַליין ערצויגען,
מיט מילך און וואַסער ; און 'ס איז געוועזען מיינס.
אויף מיינע אָרעמס, אין מיין שויס
האָט'ס געלאַכט, געצאַפּעלט זיך געוואָרען גרויס.

### פ א ו ס ט.

דו האָסט געוויס דאָס ריינסטע גליק געפיהלט.

## מארגארעטע.

און אויך מאנכע שוועהרע שטונדען.
דעם קליינעמ'ס וויעגעל געשטאנען איז ביי נאכט
נעבען מיין בעט; 'ס האט קוים בעדארפט זיך ריהרען,
האב איך גלייך ערוואכט;
האב געמוזט עס געבען טרינקען, אדער צו מיר לעגען,
באלד, ווען 'ס האט נישט געשוויגען, פון בעט אויפשטעהן
און טענצלענדיג אין שטוב אויף און אב געהן,
און גאנץ פריה שוין ביים גרייט-וואשען שטעהן;
דאן אויף דעם מארק, און די קיך באזארגען,
און אזוי ווייטער, היינט ווי מארגען.
דאס געהט, מיין האר, נישט תמיד פרעהלאך צו;
דאך שמעקט דערפאר דאס עסען, שמעקט די רוה.

(געהען פאראיבער).

## מארטהע.

די אר'מע ווייבער דארף מען נישט מקנא זיין,
עס איז שוועהר אן אלטען בחור צו באקעהרען.

## מעפיסטאפעלעס.

עס הענגט בלויז אב פון איינער אייער גלייכען,
עטוואס בעסערס מיך צו לערנען.

## מארטהע.

זאגט, מיין האר, האט איהר גארנישט נאך געפונען?
האט זיך אייער הארץ נאך אין ערגעץ נישט פארבונדען?

מעפיסטאפעלעס.

דאָס שפּריכוואָרט זאָגט: אָן אייג'נע שטוב
און אַ גוט ווייב, זענען גאָלד און פּערעל ווערטה.

מארטהע.

איך מיין, צי האָט איהר קיינמאָל לוסט באַקומען?

מעפיסטאפעלעס.

מען האָט מיך אומעדום זעהר העפליך אויפגענומען.

מארטהע.

'ך האָב געוואָלט זאָגען: האָט אין הארצען איהר נאָך
ערנסט נישט געפיהלט?

מעפיסטאפעלעס.

מיט ווייבער זאָל מען קיינמאָל נישט ערלויבען זיך צו
שפּאַסען.

מארטהע.

אַ, איהר פאַרשטעהט מיך נישט!

מעפיסטאפעלעס.

דאָס טהוט מיר הערצליך לייד!
דאָך איך פאַרשטעה — ווי גוט איהר זענט.

(געהען פאַראיבער).

פאוסט.

האָסט דערקענט מיך, אַ קליינער מלאך ווידער,
גלייך ווי' איך בין אין גאָרטען אַריין?

מאַרגאַרעטע.

האָט איהר נישט געזעהן? ׳ך האָב אַראָבגעלאָזט די אויגען.

פֿאוסט.

און דו פֿאַרצייה׳סט די פֿרייהייט וואָס איך האָב גענומען,
וואָס ׳ס האָט די פֿרעכהייט זיך ערלויבט,
דעמאָלט ווען דו ביזט פֿון דאַנען געגאַנגען?

מאַרגאַרעטע.

׳ך בין געווען צעמישט, מיר איז דאָס קיינמאָל נישט
געשעהן;
׳ס האָט קיינער שלעכטס נישט געקאָנט פֿון מיר רעדען.
אַך, האָב איך געטראַכט, האָט ער אין מיין באַנעהמען
עטוואָס פֿרעכעס, אונאַנשטענדיגעס געזעהן?
עס האָט געשיינט איהם גלייך צו דענקען,
מיט דעם מיידעל דאָ איז לייכט צו האַנדלען.
איך מוז געשטעה׳ן! איך וויים נישט וואָס ׳ס האָט זיך
פֿאַר אייך דאָ אין האַרצען אָנגעהויבען רעגען;
דאָך בין איך אויף מיר גאַנץ בייז געווען,
וואָס ׳ך האָב אויף אייך נישט געקענט בייזער ווערן.

פֿאוסט.

זיס געליעבטע!

מאַרגאַרעטע.

וואַרט אַביסעל!

(זי פּליקט א שטערן-בלום און צופּט די בלעטלעך אָב,
איינס נאָך דעם אַנדערן).

פ א וס ט.

וואָס איז דאָס? אַ שטרויס?

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

ניין, דאָס איז בלויז אַ שפּיעל.

פ א ו ס ט.

ווי?

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

געהט, איהר לאַכט מיך אויס.

(זי פּליקט און מורמעלט).

פ א ו ס ט.

וואָס מורמעלסט דו?

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע (האַלב הויך).

ער ליעבט מיך — ליעבט מיך נישט.

פ א ו ס ט.

דו שעהן הימלישעס געזיכט!

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע (רעדט ווייטער).

ליעבט מיך — נישט — ליעבט מיך — נישט —

(פּליקט דאָס לעצטע בלאַט מיט אמת'ער פרייד).

ער ליעבט מיך!

פ א ו ס ט.

יאָ, מיין קינד! זאָל דאָס בלומען-וואָרט
אַ געטער-שפּרוך דיר זיין; ער ליעבט דיך!
פאַרשטעהסט דו וואָס דאָס הייסט? ער ליעבט דיך!

(נעהמט איהרעביידע הענד).

מאַ ר ג אַ ר ע ט ע.

מיך שוידערט!

פ א ו ס ט.

אָ, שוידער נישט! לאָז דעם בליק,
לאָז דעם הענד-דרוק דיר זאָגען,
וואָס אונאויסשפּרעכליך איז:
גאַנץ זיך הינצוגעבען און צו פיהלען
אַ געגוס, וואָס עביג זיין מוז!
עביג! — די ענדע וואָלט פאַרצווייפלונג זיין
ניין, קיין ענדע! קיין ענדע!

(מ א ר ג א ר ע ט ע דריקט איהם די הענד, רייסט זיך
אויס און לויפט אוועק. ער שטעהט אַ אויגענבליק
אין געדאנקען, דאן געהט ער איהר נאך).

מ אַ ר ט ה ע (קומענדיג).

די נאַכט פאַלט צו.

מ ע פ י ס ט אַ פ ע ל ע ס.

יאָ, און מיר ווילען געהן.

מ א ר ט ה ע.

איך וואָלט אייך געבעטען לענגער דאָ צו בלייבען,
אָבער דאָס אָרט דאָ איז געפעהרליך.
עס שיינט ווי קיינער וואָלט גאָר נישט צו טהאָן געהאַט,
און נישט צו זאָרגען,
ווי אויף דעם שכן'ס שריט און טריט צו קוקען,
און וואָס מען זאָל נישט טהון, ווערט מען אַלץ בארעדט.
און אונזער פּאָרעל?

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

איז דאָרט דעם וועג אַרויפגעפלויגען.
לוסטיגע זומער פייגעל!

מ א ר ט ה ע.

עס שיינט ער ליעבט זי.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

און זי איהם אויך. דאָס איז דער גאַנג פון דער וועלט.

XIII.

## אַ גאָרטענשטיבעל.

(מ א ר ג א ר ע ט ע שפּרינגט אריין, שטעלט זיך הינטער דער טהיר, האלט די שפּיצפינגער ביי די ליפּען און קוקט דורך דעם שפּאלט).

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

ער קומט!

(פאוסט ערשיינט).

פ אַ ו ס ט.

קליינער טייפעל, אַזוי רייצט דו דיך מיט מיר!
איך האָב דיך! (ער קושט זי).

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

(נעהמט איהם ארום, איהם דעם קוש צוריקגעבענדיג).
בעסטער מאַן! פון הארצען ליעב איך דיך!

(מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס קלאַפּט אָן).

פ אַ ו ס ט (טופּענדיג מיט'ן פוס).

ווער איז דאָרט?

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

אַ פריינד!

פ אַ ו ס ט.

אַ חיה!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

עס איז שוין צייט צו שיידען זיך.

(מ א ר ט ה ע קומט).

מ אַ ר ט ה ע.

יאָ, עס איז שוין שפּעט, מיין האַר.

פ א ו ס ט.

מעג איך אייך באַגלייטען?

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

די מאַמע וואָלט מיך — זייט געזונד!

פ א ו ס ט.

מוז איך געהן?
זייט געזונד!

מ אַ ר ט ה ע.

אַדיע!

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

צום באַלדיגען וויעדערזעהן!

(פ א ו ס ט און מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס אָב).

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

ליעבער גאָט! וואָס אַזאַ מאַן
קען אַלעס, אַלעס וויסען!
פאַרשעהמט נאָר שטעה איך נעבען איהם,
און זאָג צו אַלעס וואָס ער זאָגט מיר, יאָ.
איך בין דאָך אַן אָרעם אונוויסענד קינד,
און פאַרשטעה נישט, וואָס ער אין מיר געפינט. (אָב).

## XIV.

# וואַלד און העהל. (85)

---

**(פ אַ ו ס ט אַליין).**

**פ אַ ו ס ט.**

ערהאב'נער גייסט, האָסט געגעבען מיר, געגעבען אלץ
וואָס 'ך האָב פארלאַנגט. דו האָסט נישט אומזיסט
דיין פנים אין פייער מיר אַנטפּלעקט.
האָסט געגעבען מיר די הערליכע נאַטור אלס קעניגרייך,
כח זיך צו פיהלען, צו געניסען. נישט
נאָר קאַלט-שטוינענדעם באַזוך ערלויבסט דו מיר,
באַוויליגסט מיר אין איהר טיעפער ברוסט
ווי אין דעם הארצען פון אַ פריינד צו קוקען.
דו פיהרסט די רייהע פון לעבעדיגע
פאר מיר פארביי, און לערנסט מיך מיינע ברידער
אין שיטלען וואַלד אין לופט און וואסער צו קענען.
און ווען דער שטורם ברויזט און קראַכט אין וואַלד,
און די ריעזען-סאָסנעס פאַלענדיג, דערבייאיגע נעסטען
און דערבייאיגע בוימער צוקוועטשען,
און זיי'ר פאַלען פילט די בער גאַן מיט א דומפען דונער;
דאַן פיהרסט דו אין אַ זיכערער העהל מיך, צייגסט
מיר זיך אַליין דאַן, אין מיין אייג'נער ברוסט
עפ'נען זיך געהיימע טיעפע סודות.
און ווען פאַר מיין בליק עס געהט די צערטליכע לבנה
באַרוהיגענד פאַריבער, שוועבען פאר מיר
פון פעלזען-ווענד פון פייכטען וואַלד
זילבערנע געשטאַלטען פון דער פריהערדיגער וועלט,
און לינדערן פון דענקען די שטרענגע לוסט.

אז פאָלקאָמען קען דער מענש נישט זיין
פארשטעה איך יעצט. האָסט געגעבען צו דער לוסט,
וואָס צו די געטער מיך נעהענטער און נעה'נטער ברענגט,
מיר א חבר, וועלכען ד'קען נישט מעהר
ענטבעהרען, אפילו ווען ער קאַלט און פרעך
מיך פאר מיר אליין ערנידעריגט, און פארוואַנדעלט
מיט א הויך, צו גאָרנישט, די מתנות דיינע.
ער בלאָזט א ווילדען פייער אין מיין ברוסט
פאר יענעם ליעבליך זיעסען בילד.
אזוי טומעל איך פון באַגעהר צו גענוס,
און אין גענוס פאַרשמאַכט איך נאָך באַגעהר.

(מעפיסטאָפעלעס טרעט אויף).

מעפיסטאָפעלעס.

האָט איהר אַזאַ לעבען נישט גענוג געפיהרט?
ווי קענט איהר אזוי לאַנג מיט דעם זיך פרעהען?
עס איז גוט ווען מען 'ס איינמאָהל פּרוביערט;
דאַן אָבער ווידער עטוואָס נייעס!

פאוסט.

איך וואָלט געוואָלט, זאָלסט עטוואָס אנדערש טהון,
איידער מיך אַ גאַנצען טאָג נאָר פּלאָגען.

מעפיסטאָפעלעס.

נו, נו! איך לאָז דיך גערן רוהען,
דו דאַרפסט עס מיר נישט ערנסט זאָגען.
אין אַזאַ משוגע'נעם, ווילדען, חבר ווי דו ביזט,
איז דאָ ווירקליך ווייניג צו פארליערען.
עס זענען פול די הענד א גאַנצען טאָג!

וואָס איהם געפעלט און וואָס ניִשט,
קען מען אויף דעם הארנ׳ס נאָז נישט לעזען.

פ אַ ו ס ט.

דאָס איז פונקט דער ריכט׳גער טאָן!
ער וויל א דאנק נאָך וואָס ער נודיעט מיך.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

ווי וואָלסט דו, אָרעמער ערדענזוהן,
דיין לעבען גאָר אָהן מיר געפיהרט?
פון דעם קריבסקראַבס פון פאַנטאַזי
האָב איך דיך אויף צייטען לאַנג שוין אויסגעהיילט;
און ווען נישט איך, דאַן וואָלסט דו שוין
פון דעם ערדקוגעל לאַנג אַראָבשפּאַציערט.
וואָס האָסט דו אין העהלען און אין פעלזענשפּאַלטען
ווי אַן איילע זיך אָוועקגעזעצט?
וואָס זויגסט דו פון דומפּען מאָך און טריעפּענדען געשטיין,
ווי א זשאַבע, נאַהרונג אין דיר איין?
א שעהנער, זיעסער צייטפּערטרייב!
דיר שטעקט דער דאָקטאָר נאָך אין לייב.

פ אַ ו ס ט.

פאַרשטעהסט דו, וואָס פאַר נייע לעבענסקראַפט
מיר דאָס וואַנדלען אין דער וויסטע שאַפט?
יאַ, ווען דו זאָלסט עס נאָר קענען וויסען,
ביזט דו טייפעל גענוג, מיר דאָס גליק ניט צו פאַרגינען.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

אַן איבעראירדיש פאַרגעניגען!
אין נאַכט און טהוי שטיל אויף די בערג צו ליגען,

און ערד און הימעל פול מיט לוסט ארומצונעהמען,
צו א גאַטהייט אויפשווילען זיך צו לאָזען,
דורכצוגליטשען מיט פאַרגעהילט זיך דורך דעם מארק פון
אלע זעקס ארבייטסטעג אין דער ברוסט צו פיהלען,
אין שטאָלצער קראַפט, איך ווייס נישט וואָס, געניעסען,
באלד מיט לוסט אין אלץ צו איבערפליעסען,
דאָס גאַנצע ערדישע פארשוואונדען,
און דאַן מיט הויכער באַטראַכטונג —

(מיט א באוועגונג).

איך דאַרף נישט זאָגען ווי אזוי-צו שליעסען!

פ אָ ו ס ט.

פואי איבער דיר!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

דאָס וויל אייך נישט געפעלען;
איהר האָט דאָס רעכט גאַנץ זיטליך פואי צו זאָגען.
מען דאַרף נישט פאַר צנועה'דיגע אויערן זאָגען,
וואָס צנועה'דיגע קענען נישט ענטבעהרען.
קורץ און גוט איך פארגין דאָס פארגעניגען אייך
געלעגענטליך אליין צו זאָגען זיך א ליגען;
דאָך איהר האַלט דאָס לאַנג נישט אויס.
דו ביזט שוין ווידער אויף דיין אלטען וועג,
און וועט עס לענגער דויערן, וועט עס זיך פארוואנדלען
אין משוגעת, אדער מאַטערניש און שרעק.
דאָך גענוג! דיין ליעבסטע זיצט אין הויז
און אלצדינג ווערט איהר ענג און טריעב.
דו נעהסט איהר גאַרנישט אויס דעם זין,
זי האָט דיך איבערמענשליך ליעב.

צוערשט געקומען איז דיין ליעבעסלוסט אין איבערפלוס,
ווי פון געשמאָלצ'נעם שנעע א טייכעל איבערגעהט;
דו האָסט זי אין איהר הארץ געגאָסען,
יעצט איז דיין טייכעל ווידער טרוקען.
מיר דאכט אנשטאט צו וואוינען אין די וועלדער
וואָלט דער גרויסער האר געפונען גוט
דאָס אָר'מע יונגע מאָלפעלע
פאר איהר ליעבע צו באָלוינען.
עס ווערט רחמנות'דיג די צייט איהר לאַנג;
זי שטעהט ביים פענסטער, זעהט די וואָלקען ציהן
איבער דער שטאָדטמויער ווייט אוועק.
וואָלט איך געווען א פייגעלע! געהט איהר געזאנג
גאַנצע טעגלאַנג, האלבע נעכט לאַנג.
אמאָהל איז זי פריילאך, מייסטענס באַטריעבט,
אמאָהל גוט אויסגעוויינט,
דאַן ווידער רוהיג, ווי עס שיינט,
און שטענדיג פארליעבט.

פ א ו ס ט.

שלאַנג! שלאַנג!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס. (פאר זיך)

גוט! איך וועל דיך פאַנגען!

פ א ו ס ט.

פארדאָרבענער! געה אוועק פון דאַנען,
און רוף נישט אָן דאָס שעהנע ווייב!
ברענגט נישט דעם פארלאַנג צו איהר זיסען לייב
די האלב פארווירטע חושים!

מעפיסטאָפעלעס.

וואָס זאָל פון דעם ווערן? זי מיינט דו ביזט אנטלאָפען,
און האלב און האלב ביזט דו עס שוין.

פאוסט.

איך בין איהר נאָה'נט, ווי ווייט איך זאָל נישט זיין,
איך קען זי נישט פארגעסען, נישט פארליערען;
יא, מקנא בין איך שוין דעם לייב פון יעזוס,
וואָס איהרע ליפען ביים אַלטאַר באריהרען.

מעפיסטאָפעלעס.

זעהר גוט מיין פריינד! איך בין אייך מקנא
פאר דעם צווילינגספּאָר, וואָס צווישען רויזען פאשעט.

פאוסט.

אוועק, דו קופּלער!

מעפיסטאָפעלעס.

שעה'ן! איהר שעלט און איך מוז לאַכען.
דער גאָט וואָס האָט אינגעל און מיידעל באשאפען,
האָט גלייך דערקענט דעם עדעלסטען בארוף,
און אליין געלעגענהייט געגעבען.
נו געה, עס איז א גרויסער וועהטאָג!
איהר געהט דאָך אין איי'ר ליעבסטערס צימער
חלילה נישט צום טויט!

פאוסט.

וואָס איז די הימעלפרייד אין איהרע אָרעמס
לאָז מיך ביי איהר ברוסט דערוואַר'מען!

פיהל איך שטענדיג נישט איהר נויט?
בין איך דער אנטלאָפ׳נער נישט? דער היימלאָזער?
דער אונמענש גאַנץ אָהן צוועק און רוה,
וועלכער ווי א וואַסערפאַל פון פעלז צו פעלז ברויזט
ווי א וואהנזיניגער צום גרונד אראָב?
און ביי דער זייט זי, מיט קינדער׳שע געפיהלען,
אין שטיבעלע אויף דעם קליינעם אַלפּענפעלד,
אין אַלע איהרע הייזליכקייטען,
פארשלאָסען אין דער קליינער וועלט.
און איך, דער גאָט פארהאַסטער, האָב נישט געהאַט גענוג,
די פעלזען אָנצונעהמען
און אויף שטיקער זיי צערייבען!
איהר פריעדען האָב געמוזט איך אונטערגראָבען!
דו, גהינם, האָסט געמוזט דעם קרבן האָבען!
העלף, טייפעל, מיר די אַנגסט־צייט צו פארקירצען!
וואָס ׳ס מוז געשעה׳ן זאָל גלייך געשעה׳ן!
זאָל איהר שיקזאל זיך אויף מיר צוזאַמענברעכען
און זי צו גרונד מיט מיר איינינעם געה׳ן.

### מעפיסטאָפעלעס.

ווי ׳ס ווידער זידט! ווי ׳ס ווידער גליה׳ט!
געה אריין און טרייסט זי, נאַר!
ווען אזא קעפּעל געפינט קיין אויסוועג,
דערזעהט ער גלייך דעם אונטערגאנג.
דער זאָל לעבען ווער זיך העלדיש האַלט!
אזוי ביזט דו נישט׳קשה׳דיג פארטייפעלט.
אויף דער וועלט געפין איך נישט געשמאַקלאָזערס,
ווי א טייפעל וואָס פארצווייפעלט.

XV.

## גרעטכענס שטוב. (86)

(ביים שפינראד, אליין).
מיין רוה איז אוועק,
מיין הארץ איז שוועהר;
'ך קען זי נישט געפינען
א, קיינמאל מעהר.

ווען 'ך האב איהם נישט,
ווערט אלץ צו נישט,
די גאנצע וועלט
ווערט מיר פארגאלט.

מיין אר'מער קאפ
איז מיר פאריקט,
מיין אר'מער זין
איז מיר צעפליקט.

מיין רוה איז אוועק,
מיין הארץ איז שוועהר;
'ך קען זי נישט געפינען
א, קיינמאל מעהר.

פאר איהם נאר קוק איך
ביים פענסטער ארויס,
פאר איהם נאר געה איך
ארויס פון הויז.

זיין שטאָלצער גאַנג,
זיין עדלע געשטאַלט,
זיין ליעבליכער שמייכעל,
זיינ׳ אויגען געוואַלט.

און פון זיין רעדען
דער צויבערפלוס,
דער דרוק פון זיין האַנד,
און אַך דער קוס!

מיין רוה איז אוועק,
מיין הארץ איז שווערר;
׳ך קען זי נישט געפינען,
אָ, קיינמאָל מעהר.

עס רייסט מיין ברוסט
זיך נאָך איהם;
אַך, וואָלט געקענט איך
האַלטען איהם!

און קושען איהם,
וו׳איך וואָלט געוואָלט,
און ביי זיין קושען,
דערגעהען וואָלט!

XVI.

## מאַרטהע'ס גאָרטען. (87)

(מ א ר ג א ר ע ט ע. פ א ו ס ט).

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

פארשפרעך מיר, היינריך!

פ אַ ו ס ט.

וואס איך קען!

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

זאָג מיר, וואו האַלטסט דו מיט דער רעליגיאָן?
דו ביזט א האַרציג גוטער מאַן,
דאָך, איך גלויב, דו האַלסט נישט פיעל דערפון.

פ אַ ו ס ט.

לאָז דאָס, מיין קינד! דו פיהלסט, איך בין דיר גוט;
פאר דער געליעבטער מיינער וואָלט געגעבען איך מיין
פלייש און בלוט,
וויל קיינעם זיין געפיהל און גלויבען רויבען.

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

דאָס איז נישט גענוג, מיר מוזען אין דעם גלויבען!

פ אַ ו ס ט.

מוז מען

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

אַך! ווען איך וואָלט איבער דיר געהאַט עטוואס צו זאָגען!
דו גיסט אויך נישט קיין כבוד אָב די הייל'גע סאַקראַמענ...

פ אַ ו ס ט.

איך גיב אַב כבוד זיי.

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

דאָך אָהן פֿאַרלאַנג.
צו גאָטעס-דיענסט, און מתודה זיין זיך לאַנג שוין נישט געגאַנגען.

גלויבסט דו אין גאָט?

פ אַ ו ס ט.

מיין ליעבסטע, ווער קען זאָגען:
איך גלויב אין גאָט?
פֿרעג גלחים אדער הויך געלעהרטע,
און זיי'ר ענטפֿער שיינט ווי שפּאָט
פֿאַר דעם פֿרעגער צו זיין.

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

הייסט עס גלויבסט דו נישט?

פ אַ ו ס ט.

הער נישט פֿאַלש מיך, מיין געליעבטע!
ווער וואָגט אָנצורופען איהם?
און ווער קען זאָגען:
איך גלויב אין איהם?
ווער, פֿיהלענדיג,
קען וואָגען
צו זאָגען: איך גלויב אין איהם נישט?
דער אַל-אומפֿאַסענדער,
דער אַל-דערהאַלטענדער,
אומאַרעמט און דערהאַלט ער נישט
דיך, מיך, זיך אליין?
רונדעט זיך דער הימעל נישט דאָרט אויבען?

ליגט די ערד נישט אונטען פעסט?
און שטייגען פריינדליך בלינצלענדיג
די עביגע שטערן נישט אַרויף?
קוק איך דיר נישט אויג אין אויג,
און יאָגט נישט אלץ
אין קאָפּ און הארץ דיר,
און וועבט אין עביגער געהיימנים
אונזיכטבאר זיכטבאר נעבען דיר?
פיל אָן דיין הארץ דערמיט, ווי גרויס עס איז,
און ווען דו גאנץ אין דעם געפיהל גליקליך ביזט,
רוף עס דאן, ווי דו ווילסט,
רוף עס גליק! הארץ! ליעבע! גאָט!
איך האָב קיין נאָמען נישט
דערפאר, געפיהל איז אַלץ;
דער נאָמען איז בלויז קלאַנג און רויך,
באַנעבלענדיג די הימעלסגלוט.

מ א ר ג א ר ע ט ע.

דאָס איז אלץ גאנץ שעהן און גוט;
אונגעפעהר זאָגט דאָס דער גלח אויך,
נאָר מיט אביסעל אנד'רע ווערטער.

פ א ו ס ט.

עס זאָגען עס אומעדום
אלע הערצער אונטער דעם הימלישען ליכט,
יעדעס אין זיין שפּראַך;
ווארום נישט איך אין מיינער?

מ א ר ג א ר ע ט ע.

הערט מען עס, שיינט עס נאָך נישט קשה'דיג,
דאָך איז אין דעם נישט עטוואס גלייך;
ווייל דו האָסט קיין קריסטענטהום אין זיך.

### פאוסט.

ליעב קינד!

### מארגארעטע.

עס טהוט מיר לאַנג שוין וועה,<br>
אין דער געזעלשאפט דיך צו זעהן.

### פאוסט.

וואָס מיינסטו דו?

### מארגארעטע.

דער מענש דאָרט, וואָס דו האָסט מיט דיר,<br>
איז פאַרהאַסט מיר טיעף אין דער נשמה;<br>
עס האָט מיר נאָך נישט אין מיין לעבען<br>
אזא שטאָך אין הארץ געגעבען,<br>
ווי דעם מענשענס אָבשטויסענד געזיכט.

### פאוסט.

ליעבע פופע, שרעק דיך נישט פאר איהם!

### מארגארעטע.

זיין געגענוואַרט רעגט אויף אין מיר דאָס בלוט.<br>
אזוי בין איך צו אלע מענשען גוט;<br>
אבער, ווי איך בענק דיך אָנצוקוקען,<br>
האָב איך פאר דעם מענש אַ אינערליכע שרעק,<br>
און האַלט איהם פאר אַ שעלם נאָך דערצו!<br>
טהו איך אונרעכט איהם, זאָל גאָט מיר מוחל זיין!

### פאוסט.

עס מוזען אויך אזעלכע מאָדנע חברה זיין.

### מארגארעטע.

וואָלט מיט זיין גלייכען ליעבען נישט געוואָלט!<br>
קומט אַמאָל ער צו דער טהיר צו,

קוקט ער שטענדיג אזוי שפּאָטיש זיך ארום,
און האלב מיט צאָרן;
מען זעהט אז ער אין גאָרנישט אנטהייל נעמט;
אויף דעם שטערן שטעהט עס איהם געשריעבען,
אז ער קען נישט א נשמה ליעבען.
אין דיינע אָרעמס פיהל איך אזוי גוט,
אזוי פריי, אזוי הינגעגעבען וואַרעם,
אין זיין געגענוואַרט ווערט מיר אלץ ווי צוגעשניערט.

פ אָ ו ס ט.

פאַראויספיהלענדער מלאך דו!

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

עס באַזיעגט מיך אַזוי זעהר,
אַז אַזוי ווי ער טרעט נאָר צו אונז צו,
דאַכט מיר אַז איך ליעב דיך שוין נישט מעהר.
אויך, ווען ער איז דאָ, וואָלט איך בעטען נישט געקענט,
און דאָס פרעסט זיך מיר אין האַרץ אַריין;
דיר, הייגריך, מוז עס אויך אַזוי זיין.

פ אָ ו ס ט.

ער איז בלויז אַנטיפּאַטיש דיר!

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

איך מוז שוין געהן.

פ אָ ו ס ט.

אַך, קען איך קיינמאָל
נישט אַ שטונדע רוהיג ביי דיין ברוסט זיין,
און האַרץ צו האַרץ און זעעל׳ אין זעעל׳ זיך דרינגען?

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

אַך, ווען איך זאָל אַליין נאָר שלאָפען!
גערן וואָלט איך דיר געלאָזט היינט נאַכט דעם ריגעל אָפען;

דאָך מיין מאַמע שלאָפט נישט טיעף:
און ווערןביידע מיר פון איהר אַנטדעקט,
וואָלט זי אויף דער שוועל דער׳הרג׳עט מיך!

פ אַ ו ס ט.

מלאך, שרעק דיך נישט.
דאָ איז אַ פלעשעל! דריי טראָפּען נאָר
אין איהר געטראַנק און
זי פאַלט אין אַ טיעפען שלאָף אַריין.

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

וואָס טהו איך נישט פון דיינעטוועגען?
עס וועט איהר, האָפענטליך, נישט שאַדען!

פ אַ ו ס ט.

וואָלט איך, ליעבסטע, דיך דערצו געראָטהען?

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

קוק איך דיך, בעסטער מאַן, נאָר אָן,
ווייס איך נישט וואָס צו דיין ווילען טרייבט מיך;
איך האָב אַזוי פיעל שוין פאַר דיר געטהאָן
אַז מיר בלייבט כמעט נישט איבער וואָס צו טהאָן מעהר.
(אב)

(מ ע פ י ס ט א פ ע ל ע ס טרעט אויף).

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

איז די מאַלפּע שוין אוועק?

פ אַ ו ס ט.

האָסט ווידער שפּיאָנירט?

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

איך האָב אַלעס גוט געהערט,
דער דאָקטאָר איז געוואָרן גוט קאַטעכיזירט; (87)

איך האָף עס זאָל אייך וואויל באקומען.
די מיידלעך זענען זעהר אינטערעסירט,
צי איז מען פרום און געהט נאָך אַלטען מנהג.
זיי דענקען, בייגט ער דאָ זיך, וועט ער אויך אין אַלץ שוין פאָלגען.

פ א ו ס ט.

פארזעהעניש, דו זעהסט נישט איין,
ווי די געטרייע ליעבליכע נשמה,
פון איהר גלויבען פול,
וואָס דאָס אַליין
מאַכט גליקליך זי, זיך הייליג קוועהלט,
וואָס זי דעם ליעבסטען מאַן פאַר פאַרלוירען האַלט.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

דו איבער־ליידענשאַפטליך, ליידענשאַפטליכער פאַרליעבטער,
אַ מיידעל פיהרט דיך ביי דער נאָז ארום.

פ א ו ס ט.

דו שפּאָטגעבורט פון שמוץ און פייער!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

און פיזיאָנאָמי פאַרשטעהט זי וואונדערבאַר.
עס ווערט איהר אין מיין געגענוואַרט זי ווייסט נישט ווי,
אין מיין צורה לייענט זי פאַרבאָרג׳נעם זין;
זי פיהלט אַז איך בין זיכער אַ זשעני,
און פיליייכט דער טייפעל גאָר אַליין.
און היינט ביינאַכט — ?

פ א ו ס ט.

וואָס געהט עס דיך אָן?

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

האָב איך דאָך מיין פרייד אין דעם!

---

## XVII.

## ביים ברונען. (88)

---

(גרעטכען און ליעסכען מיט קרוגען).

ליעסכען.

האסט גאָרנישט פון בערבעלכען געהערט?

גרעטכען.

קיין וואָרט. איך קום ווענינ צווישען מענשען.

ליעסכען.

געוויס, סיבילע האָט ׳ס מיר היינט געזאָגט!
זי האָט ענדליך זיך באַנאַרישט.
דאָס זענען זיי די שטאָלצע!

גרעטכען.

ווי אַזוי?

ליעסכען.

עס שטינקט!
זי פיטערט צוויי, ווען זי יעצט עסט און טרינקט.

גרעטכען.

אַך!

ליעסכען.

׳ס איז איהר ענדליך גוט געשעהען.
ווי לאַנג געהאַנגען האָט זי אויף דעם קערל זיך!
דאָס איז געוועזען אַ שפּאַציערען!
אויף׳ן דאָרף און טאַנצפּלאַץ פיהרען,

האָט איבעראַל געמוזט די ערשטע זיין,
אונטערהאַלטען שטענדיג זי מיט קיכעלעך און ווייַן;
האָט זיך איינגערעדט צו זיין אַ שעהנקייט,
ז׳ איז געוועזן אַזוי אונעהרליך נישט צו שעהמען זיך
פון איהם מתנות אָנצונעהמען.
דאָס איז געוועזן אַ קושען און אַ האַלזען זיך,
און יעצט איז אויך די בלום אַוועק!

גרעטכען:

די אָרימע!

ליעסכען.

באַדויערסט זי נאָך גאָר!
ווען ביים שפּינען אונזער איינע איז געזעסען,
און ביינאַכט די מאַמע האָט אונז נישט ארויסגעלאָזט,
איז זי געשטאַנען ביי איהר זיעס געליעבטען,
אויף דער טהיר-באַנק און אין טונקלעם גאַנג,
קיין שטונדע איז פאַר זיי געוועזן צו לאַנג.
יעצט מעג זי זיך אַביסעל בוקען,
און אין זינדער-העמדעל תשובה טהון אין קירך! (89)

גרעטכען.

ער וועט אַלם פרוי געווים זי נעהמען.

ליעסכען.

אַ נאַר וואָלט ער געוועזן! אַ פלינקער יונג,
האָט אַנדערשוואו נאָך לוסט גענוג.
ער איז אויך אַוועק.

גרעטכען.

דאָס איז נישט שעהן.

ליעסכען.

קריעגט זי איהם וועט'ס שלעכט איהר געהן.
דאָס קרענצעל רייסען איהר פון קאָפּ די אינגלעך
מיר וועלען פאר דער טהיר געהאקטען שטרוי איהר לעגען.
(אב)

גרעטכען (געהענדיג אהיים).

ווי שעלטען האָב געקענט איך שטאָלץ,
ווען אַן אָרעם מיידעל האָט געזינדיגט!
ווי האָב געקענט איך איבער אַנדערנס זינד
ווערטער נישט גענוג געפינען!
שוואַרץ ווי ס'איז געווען, האָב איך ס'מעהר פארשווארצט,
און ס'איז מיר אַלץ גענוג נישט שוואַרץ געווען,
האָב געבענשט מיך און געלויבט מיך,
און יעצט בין איך אַליין אַ זינדיגע!
דאָך אַלץ וואָס האָט געטריעבען מיך דערצו,
גאָט! געווען איז אַזוי גוט, געווען איז אַזוי ליעב!

## ליעסכען.

קריעגט זי איהם וועט׳ס שלעכט איהר געהן.
דאָס קרענצעל רייסען איהר פון קאָפּ די אינגלעך
מיר וועלען פאר דער טהיר געהאקטען שטרוי איהר לעגען.
(אב).

## גרעטכען (געהענדיג אהיים).

ווי שעלטען האָב געקענט איך שטאָלץ,
ווען אַן אָרעם מיידעל האָט געזינדיגט!
ווי האָב געקענט איך איבער אַנדערנס זינד
ווערטער נישט גענוג געפינען!
שוואַרץ ווי ׳ס איז געווען, האָב איך ׳ס מעהר פאַרשוואַרצט,
און ׳ס איז מיר אלץ גענוג נישט שוואַרץ געווען,
האָב געבענשט מיך און געלויבט מיך,
און יעצט בין איך אַליין אַ זינדיגע!
דאָך אַלץ וואָס האָט געטריעבען מיך דערצו,
גאָט! געווען איז אַזוי גוט, געווען איז אַזוי ליעב!

וואוהין איך אימער געה,
ווי וועה, ווי וועה, ווי וועה
ווערט אין דער ברוסט דאָ מיר!

אַך, בלייב איך נאָר אַליין
דאַן וויין איך, וויין איך, וויין,
דאָס האַרץ צעברעכט אין מיר.

די בלומען טעפּ פאַר מיינע פענסטער
באַטהויט האָב איך מיט טרערן, אַך!
ווען איך האָב גאַנץ אין־דער־פריה
די בלומען דיר געבראַכט.

האָט געשיינט נאָר אין מיין חדר
גאַנץ פריה די זון אַריין,
בין איך שוין פול קומער
געזעסען אויף דעם בעט מיין.

העלף! רעטע מיך פון שאַנד און טויט!
אַך נייג,
דו שמערצענרייכע,
גנעדיג דיין געזיכט מיר צו מיין נויט!

XIX.

## נאכט. (91)

### גאָס פאַר גרעטכענס טהיר.

(וואַלענטין סאָלדאַט, גרעטכענס ברודער).

ו ו אַ ל ע נ ט י ן.

ווען איך בין אַזוי געזעסען אין אַ שענק,
וואו יעדער האָט זיך צו באַריהמען ליעב,
און די חברה האָבען הויך
געלויבט מיר פיעלע מיידלעך.
מיט פולען גלאָז די לויב פאַרזופט,
מיט די עלענבויגענס אָנגעשפאַרט,
בין איך רוהיג מיר געזעסען,
האָב אַלע רעדערייען צוגעהערט,
און שמייכלענדיג געגלעט מיין באָרד,
דאָס פולע גלאָז גענומען אין מיין האַנד
האָב איך געזאָגט: אַלץ איז גוט און וואויל!
אָבער איז איינע דאָ אין גאַנצען לאַנד
וואָס מיין שטילער גרעטעל גלייכט,
וואָס מיט מיין שוועסטער זיך פאַרגלייכט?
טאָפּ! טאָפּ! קלינג! קלאַנג! געהערט האָט זיך אַרום;
מען האָט געשריגען: ער האָט רעכט,
זי איז די בלום פון איהר געשלעכט!
געזעסען זענען אַלע לויבער שטום.
און יעצט! נאָר די האָר זיך אויסצורייסען,
און צו יאָגען אויף די ווענד! —
מיט שטעכווערטער און פאַרים'נע נעזער
זאָל יעדער שורקע זיעדלען מיך!

זאָל ווי אַ שלעכטער צאַהלער זיצען,
ביי יעדען צופאַל ווערטעל שוויצען!
כאָטש שמייסען וואָלט געקענט איך אַלע;
דאָך ליגנער קען איך זיי נישט רופען.

וואָס קומט אַהער! וואָס שלייכט זיך שטיל?
אויב ׳ך האָב קיין טעות, זענען ׳ס צוויי.
איז׳ם ער, פּאַק איך גלייך איהם ביי דער פעל!
און געהט נישט לעבעדיג שוין פון דער שטעל!

פאוסט. מעפיסטאפעלעס.

פאוסט.

ווי פון דעם פענסטער פון דער סארקאסטיי דאָרט (92)
פלאַמט ארויף דער שיין פון נר תמיד,
און שוואַך און שוואַכער טונקעלט ביי די זייטען,
און אַרום די פינסטערניש זיך דרענגט!
אַזוי נעכטליך זעהט עס אין מיין ברוסט אויס.

מעפיסטאָפעלעס.

און מיר געהט עס ווי דעם שמאַכטענד קעצעל,
וואָס אויף די פייערלייטערס קריכט,
דאַן שטיל אַרום די מויערן;
און איך פיהל גאַנץ גוט דערביי,
גנב׳יש׳ליך, אַביסעל לוסטיג.
עס קריכט מיר שוין דורך אַלע גליעדער
די הערליכע וואַלפּורגיס נאַכט.
איבערמאָרגען קומט זי ווידער,
דאַן ווייסט מען דאָך צו וואָס מען וואַכט.

פאוסט.

געהט דערווייל דער אוצר אויף דאָרט אין דער הויך,
וואָס איך פלאַקערן דאָרט אונטען זעה?

מעפיסטאָפעלעס.

וועסט די פרייד אויך באַלד דערלעבען
דאָס קעסטעלע ארויסצוהייבען.
׳ך האָב דאָרט אריינגעקוקט ניט לאַנג צוריק,
שעהנע לייבענטהאָלערס זענען דאָרט פאַראַן. (93)

פ אַ ו ס ט.

נישט קיין ציהרונג, נישט קיין רינג,
דערמיט מיין ליעבסטע צו באַציהרען?

מעפיסטאָפעלעס.

׳ך האָב דאָרט עטוואָס יאָ געזעהן,
דאַכט זיך מאַנכע פערלשנורען.

פ אַ ו ס ט.

אזוי איז גוט! עס טהוט מיר וועה,
ווען אָהן אַ געשאַנק איך צו איהר געה.

מעפיסטאָפעלעס.

עס זאָל אייך קיינמאָל נישט פאַרדריעסען
אומזיסט אויך עטוואָס צו געניעסען.
אַזוי ווי יעצט דער הימעל פול מיט שטערן גליהט,
זאָלט איהר אויך אַן אמת קונסטשטיק הערען.
איך זינג איהר אַ מאָראַליש ליעד,
כדי זי זיעכ׳רער אַבצונאַרען.

(זינגט באגלייטעט פון דער גיטאַר).

וואָס טהוסט דו מיר
פאַר׳ן ליעבסטענס טהיר,
קאַטרינכען, דאַ
אַזוי גאַנ׳ן אין דער פריה?

וואַרט, וואַרט אַן אויגענבליק!
ער לאָזט דיך אַריין,
אַלס מיידעל אַריין,
אַלס מיידעל נישט צוריק.

גיט אַכטונג נאָר!
איז עס געמאַכט,
דאַן גוטע נאַכט
איהר אָר'מע אָר'מע קינדער!
האָט איהר אייך ליעב,
דאַן טהוט קיין גנב
נישט צוליעב,
מיט אַ רינג נאָר אויף'ן פינגער.

(וואַלענטין קומט נעהנטער).

ו ו א ל ע נ ט י ן.

וועמען זוכסט דו צו פאַרנאַרען? פאַרפלוכטע!
פאַרשאָלטע'נער מייזענפענגער!
צום טייפעל ערשט דאָס אינסטרומענט!
צום טייפעל אויך דערנאָך דער זינגער!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

די גיטאַרע איז צעבראָכען! זי טויג מיר שוין נישט מעהר.

ו ו א ל ע נ ט י ן.

יעצט דאַרף מען נאָך די שאַרבענס שפּאַלטען!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס (צו פאוסט).

הער דאָקטאָר נישט צוריק! פריש!
פּעסט נעבען מיר, ווי איך אייך פיהר.
אַרויס מיט אייער פלעדערוויש!
שטויסט נאָר צו! איך פּאַריר.

ו ו א ל ע נ ט י ן.

דאַן פאַריר!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

ווארום דען נישט?

ו ו א ל ע נ ט י ן.

דאַס אויך!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

געווים!

ו ו א ל ע נ ט י ן.

מיר דאכט דער טייפעל פעכט!
וואָס איז דאָס? שוין איז מיר די האַנד געלעהמט.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס (צו פאוסט).

שטוים צו!

ו ו א ל ע נ ט י ן (פאַלט).

אָ, וועה!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

יעצט איז שוין געצעהמט דער נאַר!
יעצט אָבער קום! מיר מוזען גלייך פאַרשווינדען
ווייל גלייך ענטשטעהט אַ מאָרד געשריי.
איך קען אַרויסדרעהען מיך נאָר פון דער פּאָליציי
אָבער ׳ס קען מיר שלעכט געהן מיט דעם קרימינאַל געריכט.

מ א ר ט ה ע (ביים פענסטער).

אַרוים! אַרוים!

ג ר ע ט כ ע ן (ביים פענסטער).

ברענגט אַ ליכט!

מ אַ ר ט ה ע (ווי אויבען).
מען שעלט, מען שלאָגט, מען שרייט און פעכט.

פ אָ ל ק.

דאָ ליגט שוין איינער טויט!

מ אַ ר ט ה ע (ארויסקומענדיג).
די מערדער זענען שוין אַנטלאָפען?

ג ר ע ט כ ע ן (ארויסקומענדיג).
ווער ליגט דאָ

פ אָ ל ק.

דיין מאַמע׳ס זוהן.

ג ר ע ט כ ע ן.
אַלמעכטיגער! וואָס פאַר אַן אונגליק!

ו ו אַ ל ע נ ט י ן.

איך שטאַרב! דאָס איז שנעל יעזאָגט
און שנעלער נאָך געטהאָן.
וואָס שטעהט איהר ווייבער, וויינט און קלאָגט?
קומט נעה׳נטער צו און הערט מיך אויס!

(אַלע שטעלען זיך אַרום איהם).

מיין גרעטכען, זעה! דו ביזט נאָך יונג,
דו ביזט נאָך נישט קלוג גענוג,
פיהרסט דיין לעבען שלעכט.
איך זאָג עס דיר נאָר אַלס אַ סוד,
דו ביזט דאָך איינמאָל שוין אַ הור,
טו זיי־זשע עס שוין ריכטיג.

ג ר ע ט כ ע ן.

מיין ברודער! גאָט! ווארום קומט מיר דאָס?

## וואלענטין.

לאז אונזער גאט ארוים פון שפיעל.
געעשהן איז ליידער וואס געשעהן,
און ווי 'ס קען געהען וועט עס געהן.
הייבסט מיט איינעם אין געהיים אן,
באלד קומען צו דיר מעהרערע,
און ווען דיך ערשט א טוצען האט,
דאן האט דיך אויך די גאנצע שטאדט.

ווען 'ס ווערט צוערשט די שאנד געבוירען,
ווערט אין געהיים זי צו דער וועלט געבראכט,
און מען ציהט דעם שלייער פון דער נאכט
איהר איבער קאפ און אוירען.
יא, מען וואלט גערן זי געוואלט ערמארדען.
וואקסט זי אבער און ווערט גרויס,
און געהט אויך דאן בייטאג ארום
און איז דאך שעהנער נישט געווארען.
וואס מיאוס'ר 'ס ווערט איהר דאס געזיכט,
אלץ מעהר זוכט זי פון טאג דאס ליכט.

איך זעה יעצט ווירקליך שוין די צייט,
ווען אלע גוטע פרומע לייט,
ווי פון אן אנגעשטעקטען מת,
פון דיר, פגירה! וועלען ווייכען.
דיין הארץ זאל האפנונגסלאז דיר ווערן,
ווען זיי אין די אויגען קוקען דיר!
זאלסט מעהר קיין גאלד'נע קייט נישט טראגען!
ביים אלטאר אין קירך זאלסט דו נישט שטעהן!
אין א שעהנעם שפיצענקראגען
ביי דעם טאנץ זיך מעהר נישט ווייזען!
אין א פינסטערן טרויער-עק
צווישען קריפעלס, בעטלער זיך באהאלטען,

און ווען דיר דאַן אויך גאָט פארצייה'ט,
זיי פאַרשאָלטען אויף דער ערד!

מ א ר ט ה ע.

גיט איבער איי'ר נשמה אין גאָט'ס גנאָד!
ווילט איהר אייך מיט קללות שוועהרער מאכען?

ו ו א ל ע נ ט י ן.

וואָלט געקענט איך פאַקען נאָר דיין דאַרען לייב,
דו קופּלעריש און שענדליך ווייב!
וואָלט איך שוין געהאָפּט פאַר אַלע מיינע זינד
אין רייכער מאָס פאַרגעבונג צו געפינען.

ג ר ע ט כ ע ן.

מיין ברודער! וואָס פאַר אַ גיהנם-פּיין!

ו ו א ל ע נ ט י ן.

איך זאָג דיר הער אויף וויינען!
ווען דו האָסט דיך פון דער עהרע אָבגעזאָגט,
האָסט דו מיר דעם שווערסטען שטויס אין הארץ געגעבען.
איך געה יעצט דורך דעם טויטען-שלאָף
צו גאָט אַלס גוטער עהרליכער סאָלדאַט.

(שטארבט).

XX.

## דאָם. (94)

גאָטעס-דיענסט, אָרגעל און געזאַנג.

(גרעטכען צווישען א סך מענשען. בייזער גייסט הינטער גרעטכען).

בייזער גייסט.

ווי אַנדערש איז געווען דיר, גרעטכען,
ווען דו ביזט פול אונשולד נאָך
צום אַלטאַר דאָ צוגעגאַנגען,
פון דעם אַלטען ספר'ל
געמורמעלט האָסט דו תפילות,
האַלב קינדער־שפיעל,
האַלב גאָט אין הארצען!
גרעטכען!
וואו איז דיין קאָפּ?
אין דיין הארצען
וואָס פאַר א פארברעכען?
בעטסט דו יעצט פאַר דער נשמה פון דיין מאַמע, וואָס
דורך דיר אין לאַנגע, לאַנגע שמערצען איינגעשלאָפען איז?
וועמעס בלוט איז אויף דיין שוועל?
— און אונטער דיין הארצען?
באַוועגט עס זיך נישט שוין
און שרעקט שוין דיך און זיך
מיט פאָראויספיהלענדער געגענוואַרט?

גרעטכען.

וועה! וועה!

ווען ׳ך וואָלט געקענט פון די געדאַנקען זיך באַפרייען,
וואָס אין מיר און איבער מיר שוועבען,
געגען מיין ווילען!

כ אָ ר.

דיעס אירע, דיעס אילא
סאָלוועט סעלקום אין פאווילא.

(ארגעלטאָן).

ב ייזער ג ייסט.

שרעק פאַקט דיך!
דער טראָמפּעט שאַלט!
די קברים ציטערן!
און דיין האַרץ,
פון אַשענרוה
צו פייערפלאַגען
ווידער אויפגעלעבט
שוידערט אויף!

ג רעטכען.

וואָלט איך שוין געווען אַוועק!
איך פיהל ווי גלייך דער אָרגעל וואָלט
מיין אָטהעם מיר פאַרשטיקט,
מיין האַרץ צעפלאַסען
אין געזאַנג.

כ אָ ר.

יודקעם ערגאָ קום סעדעביט,
קוואידקוואיד לאַטעט, אַדפּאַרעביט,
ניל אינולטום, רעמאַנעביט.

ג ר ע ט כ ע ן.

’ס ווערט אזוי ענג מיר!
די מויער־ציילען
דערשטיקען מיך!
און די באלקענס
דריקען מיך! — לופט!

ב י י ז ע ר ג י י ס ט.

באהאלט דיך! זינד און שאנד
בלייבען נישט פארבארגען.
לופט? ליכט?
וועה דיר!

כ א ר.

קואיד סום מיזער טונק דיקטורוס,
קועם פאטראָנום ראגאטורוס,
קום וויקס יוסטוס סיט סעקורוס?

ב י י ז ע ר ג י י ס ט.

די געלייטערטע געזיכטער
ווענדען זיך פון דיר אב!
די האנד דיר צו געבען,
שוידערט עס דעם ריינעם!
וועה!

כ א ר.

קואיד סום מיזער טונק דיקטורוס?

ג ר ע ט כ ע ן.

שכנ’טע! אייער פלעשעל! —

(פאלט איין אהנמאכט).

XXI.

## וואַלפּורגיס נאַכט. (95)

**האַרצבערג. געגענד פון שיערקען און עלענד.**

**פֿאַוסט. מעפיסטאָפעלעס.**

**מעפיסטאָפעלעס.**

ווילסט דו נישט קיין גוטען בעזעם־שטעקען?
איך ווינש איך וואָלט געהאַט אַ גוטען באָק.
אויף דעם וועג דאַ זענען מיר נאָך ווייט פון ציעל.

**פאַוסט.**

אַזוי לאַנג ווי איך פיהל נאָך גוט אויף מיינע פיס,
איז דער קניפּענשטעקען מיר גענוג.
וואָס העלפט עס ווען מען שוין פאַרקירצט דעם וועג!
צו וואַנדערן אין דעם לאַבירינט פון טהאָלען,
דאַן די בערג אַרויף צו קלעטערן,
פון וועלכע עביג שפּריצט אַרויס דער קוואַל,
דאָס איז די לוסט, וואָס אַזאַ וועג פאַרשאַפט!
דער פריהלינג וועבט שוין אין די בירקען,
די סאָסנעס פיהלען איהם אפילו שוין;
זאָל ער נישט אויך אויף אונז׳רע גליעדער ווירקען?

**מעפיסטאָפעלעס.**

גאָרנישט פיהל איך פון דעם אין האַרץ!
מיר איז ווינטערדיג אין לייב;
איך וואָלט געוואונשען שנעע און פראָסט נאָר אויף מיין וועג.
ווי טרויריג שיינט די אונפאָלקאָמ׳נע רונדקייט
פון דער רויטער לבנה מיט פאַרשפּעטיגטער גלוטה.

אונ באַלייכטעט אזוי שלעכט, אַז ביי יעדען שריט
יאַגט מען איין א בוים, אין אַ פעלז!
ערלויב איך זאָל אַן אירליכט בעטען!
דאָרט זעה איך איינס, וואָס לוסטיג ברענט.
העי דאָרט! מיין פריינד! דאַרף איך דיך צו אונז בעטען?
צו וואָס דאַרפסט דו אומזיסט דאָרט פלאַקערן?
זיי דאָך אַזוי גוט און לייכט אונז דאָ אַרויף!

## א י ר ל כ ט.

אוים עהרפורכט, האָף איך, זאָל עס מיר געלינגען,
מיין בלייכליכען שיין צו צווינגען;
נאָר זיג־זאַג געהט געוועהנליך אונזער לויף.

## מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

האָ! האָ! ער דענקט די מענשען נאָכצוטהון.
זאָל ער גלייך נאָר געהן, אין טייפעלס נאָמען

## א י ר ל כ ט.

איך זעה עס גוט, איהר זענט דער האַר פון הויז,
און פרוביערען וועל איך גערן אייך צו דיענען.
דאָך איבערלעגט! דער באַרג איז היינט פול צויבער משוגעת
און ווען אַן אירליכט זאָל דעם וועג אייך צייגען,
דאַרפט איהר עס אַזוי גענוי נישט נעהמען.

(פ א ו ס ט, מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס, א י ר ל י כ ט
אין וועקסעלגעזאַנג).

אין די טרוים־ און צויבער־ספערען
זענען מיר אַריינגעגאַנגען,
פיהר אונז גוט און שאַף דיר כבוד!
אַז מיר זאָלען באַלד דערגרייכען
אין די ווייטע וויסטע רוימען.

זעה די בוימער הינטער בוימער,
ווי זיי שנעל פאראיבער יאגען,
און די קליפען, וואס זיך ביקען,
און די לאנגע פעלזען-נעזער,
ווי זיי שנארכען, ווי זיי בלאזען!

דורך די שטיינער, דורך די גראזען
יאגען טייכלעך שנעל ארונטער.
הער איך רוישען? הער איך ליעדער?
הער איך שעהנע ליעבע-ליעדער,
שטימען פון די הימעל-טעג?
וואס מיר האפען, וואס מיר ליעבען!
און דאס עכא, ווי־א לעגענדע
גאר אן אלטע, מורמעלט ווידער.

אוהו! שוהו! קלינגט עס נאהענט,
איילע, קיביץ און דער העהער, (96)
זענען אלע וואך געבליעבען?
זענ׳ דאס סאלאמאנדערס וועלכע קריעכען?
לאנגע פיס און גראבע בייכער!
און די וואורצלען, ווי די שלאנגען,
דרעהען זיך אויף פעלז און זאמד,
שטרעקען וואונדערבארע בענדער
אונז צו שרעקען, אונז צו פאנגען;
אויס באלעבטע פוילע פלעצער,
שטרעקען זיי פאליפען-פעדעם (97)
פאר דעם וואנד׳רער. און די מייז
טויזענדפארביג, מחנות׳ווייז דארט
דורך דעם מאך און דורך די פעלדער!
און עס פליה׳ן די פייערפליגען,
אין געדרענגטע גרויסע מאסען
צום פארווירטען גאנג.

אָבער זאָג מיר צו מיר שטעהען,
אָדער אויב מיר ווייטער געהען?
אַלעם שיינט זיך דאָ צו דרעהען,
פעלז און ביימער, מיט משונה׳דיגע
פנים׳ער, און די אירליכטער
זיך פארמעהרען, זיך פארשפרייטען.

## מעפיסטאָפעלעס.

האַלט מיך פעסט נאָר ביי מיין מאַנטעל!
דאָ איז אַ מין מיט-שפיץ-באַרג,
וואו מען מיט ערשטוינען זעהט,
ווי אין באַרג דער מאַמאָן גליהט.

## פאוסט.

ווי זאָנדערבאַר שימערט דורך די גרונדען
אַ מאָרגענרויטליך טריעבער שיין!
און ביז אין די טיעפעניִשען
פון דעם אָבגרונד בליקט ער שוואַך אריין.
אָט שטייגט אַ פאַרע, דאָרט ציהט זיך דאַמפף,
דאָ פלאַקערט פייער, דורך פאַרע און נעבעל,
דאַן קריכט עס ווי א צאַרטער פאָדעם,
דאַן זעצט עס ווי אַ קוואַל אַרויס.
דאָ שלענגעלט זיך אַ גאַנצע שטרעקע,
מיט הונדערט אָדערן דורך׳ן טהאָל,
און אין ענגען שמאָהלען עק דאָ
פאַראיינצעלט זיך עס מיט אַמאָל.
אָט שפריצען פונקען אין דער נאָהענט,
ווי צעוואָרפ׳נער גאָלד׳נער זאַמד.
דאָך זעה! אין איהר גאַנצער הויכקייט
צינדט זיך אָן די פעלזען-וואַנד.

מעפיסטאָפעלעס.

בעלייכטעט נישט צום יום-טוב
האַר מאַמאָן פרעכטיג זיין פּאַלאַץ ?
אַ גליק וואָס דו האָסט עס געזעהן ;
איך פיהל שוין די שטורעמדיגע געסט.

פאוסט.

ווי יאָגט דער שטורעם דורך דער לופט !
ווי שטאַרק ער קלאַפּט מיר אין מיין נאַקען !

מעפיסטאָפעלעס.

דו מוזט די אַלטע ריפּען פון די פעלזען האַלטען,
אַנדערש שליידערט ער אַרונטער דיך אין טיעפען גרונד.
אַ נעבעל פאַרפינסטערט די נאַכט.
הער ווי ׳ס דורך די וועלדער קראַכט !
צעשראָקען פליהען אום די איילען.
הער ,עס שפּאַלטען זיך די זיילען
עביג גרינע פּאַלאַצען.
דאָס קרעכצען און ברעכען פון צווייגען !
דאָס מעכטיגע דונערן פון ביימער !
אין אַ שרעקליכען מיש-מאַש פון פאַלען,
קראַכען זיי איינס אויף דאָס צווייטע,
און דורך די צוקראַכטע בערג-שפּיצען
ברומען און בילען די ווינטען.
הערסט די קולות אין דער הויך ?
אין דער וויטענס, אין דער נאָהענט ?
יא אין דער לענג פון גאַנצען באַרג
שטראָמט אַ צאָרנדיגער צויבער געזאַנג !

מכשפות אין כאָר.

די מכשפות צו דעם בראָקען ציהן,
די שטאָפּעל איז געל, די פעלדער גרין.

דאָרט זאַמעלט זיך דער גרויסער הויפען,
האָר אוריאַן זיצט אויך אויבען דאָרט. (98)
'זוי געהט עס איבער שטיין און שטאָק,
עס פ—ט די העקסע, עס שט—ט דער באָק.

ש ט י מ ע.

די אַלטע באַובאָ קומט יעצט אָן (99)
רייטענדיג אויף א מוטער-שוויין.

כ אָ ר.

עהרע דעם וואָס עהרע קומט:
פאָרויס פרוי באַובאָ! און געפיהרט!
אַ גוטען שוויין און אַ מאַמע דערויף,
ציהט דער העקסען-הויפען נאָך.

ש ט י מ ע.

דורך וועלכען וועג קומסט דו אהער?

ש ט י מ ע.

איבער'ן אילזענשטיין!
'ך האָב אַריינגעקוקט אין דער איילע'ס נעסט.
ז' האָט אַ פאָר אויגען אויסגעשטעלט!

ש ט י מ ע.

אָ, פאָהר אין גהינם.
וואָס רייטסטו אַזוי שנעל, דו!

ש ט י מ ע.

זי האָט מיך געשונדען;
אָט זעה נאָר די וואונדען!

מ כ ש פ ה - כ אָ ר.

דער וועג איז ברייט, דער וועג איז לאַנג;

וואָס איז דאָס פאַר אַ ווילד געדראנג?
דער גאָפּעל שטעכט, דער בעזעם קראַצט,
דאָס קינד דערשטיקט, די מאַמע פּלאַצט.

מכשפה. האַלב־כאָר.

מיר קריכען ווי די שנעק' אין הויז,
די ווייבער אַלע זענ'ען פאָראויס,
ווייל געהט מען צו דעם טייפעלס הויז,
מאכט טויזענד שריט דאָס ווייב פאָראויס. (100)

אַנדערע העלפט.

מיר מעסטען עס נישט גאַנץ גענוי,
עס מאַכט'ס מיט טויזענד שריט די פרוי,
און דאָך, ווי פלינק זי זאָל נישט זיין,
מיט איין שפרונג שפּרינגט דער מאַן אריין.

שטימע (פון אויבען).

קומט מיט, קומט מיט, פון פעלזענזעע!

שטימע (פון אונטען)

מיר וואָלטען זעהר געוואָלט זיין אין דער הויך.
מיר האָבען געוואַשען זיך, זענען גאַנץ ריין,
דאָך זענען מיר עביג אונפרוכטבאַר. (101)

ביידע כאָרען.

עס שוועבט דער ווינד, עס פליהט דער שטערן,
די טריעבע לבנה באַהאַלט זיך גערן.
אין יאָגען שפּריצט דער צויבער־כאָר
פיעלע טויזענד פייער־פונקען.

שטימע (פון אונטען).

וואַרט! וואַרט אויס!

ש ט י מ ע (פון אויבען).

ווער רופט עס פון דעם פעלזענשפאַלט?

ש ט י מ ע (פון אונטען).

נעמט מיך מיט! נעמט מיך מיט!
איך קלעטער שוין דרייהונדערט יאָהר, (102)
און קען דעם שפּיץ אַליין נישט דערגרייכען.
ביי מיין גלייכען וואָלט געוואָלט איך גערן זיין.

ב י י ד ע כ אָ ר ע ן.

עס טראָגט דער בעזים, טראָגט דער שטאָק,
דער גאָפּעל טראָגט, עס טראָגט דער באָק;
ווער נישט הייבען קען זיך היינט,
איז אויף עביג שוין פאַרלוירען.

ה אַ ל ב - מ כ ש פ ה (אונטען).

איך הינק שוין נאָך אַ לאַנגע צייט,
ווי זענען שוין די אַנד'רע ווייט!
'ך האָב אין הויז קיינמאָל קיין רוה,
און קום דאָ אויך דאָך נישט דערצו. (103)

מ כ ש פ ה - כ אָ ר.

עס גיט די זאַלב מכשפות מוט,
אַ שמאַטע איז אַלס זעגעל גוט,
אַ קאָרעטע אַ גוטע שיף;
ווער היינט נישט פליהט, וועט מעהר נישט פליה'ן.

ב י י ד ע כ אָ ר ע ן.

ווען מיר אַרום דעם שפּיץ-באַרג פליה'ן,
ריהרט אויך דאָן דעם באָדען אָן,
באַדעקט דאָס פעלד אין ליינג און ברייט
מיט אייער שטאַרקען כשוף גאַנץ!

(זיי דערניעדערן זיך).

מעפיסטאָפעלעס.

דאָס שטופּט און שטויסט, און שרייט און ליאַרעמט!
דאָס פייפט און רוישט, און ציהט און פּלוידערט!
דאָס בליצט און שפּריצט, און שטינקט און ברענט!
אַן אמת'ר העקסען-עלעמענט!
נאָר פעסט ביי מיר! אַנדערש זען'ן מיר גלייך צעטהיילט.
וואו ביזט דו?

פֿאַוסט (פֿון וויטען).

דאָ!

מעפיסטאָפעלעס.

וואָס שוין דאָרט אַוועקגעריסען?
דאַן וועל הויז-רעכט איך געברויכען מוזען.
פּלאַץ! ריכטער וואָלאַנד קומט. פּלאַץ זיעסער פעבעל, פּלאַץ!
דאָ, דאָקטאָר, האַלט מיך פעסט! יעצט מיט איין שטויס,
זאָלען מיר פֿון דעם געדרענג אַרויס;
עס איז צו ווילד אפילו פאַר אַזעלכען ווי איך.
דאָרט נאָה'נט לייכט עטוואָס מיט זאָנדערבאַרען שיין,
מיך ציהט עטוואָס אַהין צו יענע קוסטען.
קום! קום! מיר וועלען דאָרט אַריין.

פֿאַוסט.

דו גייסט פֿון ווידערשפּרוך! קום! דו מעגסט מיך פיהרען.
מיר שיינט, דאָס איז געוועזען גאַנץ גוט געמאַכט;
צום בראָקען וואַנדלען מיר אין דער וואַלפּורגיסנאַכט,
אום אַבצוזונדערן זיך דאַן אַליין.

מעפיסטאָפעלעס.

אָ, זעה וואָס פאַר אַ שטאַרקע פלאַמען!

עס איז אַ לוסטיגער קלוב צוזאַמען.
אין קליינער געזעלשאַפט איז מען נישט אַליין.

## פ אַ ו ס ט.

דאָך אויבען וואָלט איך ליעבערשט זיין!
שוין זעה איך גלוטה און ווירבעלרויך.
דאָרט שטראָמט די מאַסע צו דעם ש ל ע כ ט ע ן;
עס מוזען זיך מאַנכע רעטעניזען לעזען.

## מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

דאָך מאַנכע רעטענישען קניפּען זיך.
דו לאָז די גרויסע וועלט נאָר ברויזען,
מיר וועלען דאָ אין שטילקייט היימיש מאַכען זיך.
עס איז דאָך שוין פון לאַנג באוואוסט
אז מען אין דער גרויסער וועלט, קליינע וועלטען מאַכט.
דאָ זעה איך יונגע, נאַק'טע מכשפה'לעך,
און אַלטע וואָס זיך קלוג פאַרהיהלען.
זייט פריינדליך, נאָר פון מיינעטוועגען!
די מיה איז קליין, דער שפּאַס איז גרויס.
דאַכט מיר 'ך הער ווי אינסטרומענטען קלינגען!
פאַרפלוכטעס שנאַרכען! מען מוז דערצו זיך צוגעוואוינען.
קום מיט! קום מיט! עס קען נישט אַנדערש זיין,
איך געה פאַראויס און פיהר דיך אויך אריין,
און פאַרבינד דיך אויף דאָס ניי.
וואָס זאָגסט דו פריינד? עס איז קיין קליינער פּלאַץ.
קום נאָר אַהין! מען קען קוים דאָס ענדע זעהן.
הונדערט פייערן ברענען אין דער רייהע.
מען טאַנצט, מען פּלוישט, מען קאָכט, מען טרינקט, מען ליעבט;
נו זאָג, צי עטוואס בעסערס ערגעץ אַנדערש איז פאַראַן?

### פאוסט.

ווילסט דו, אום אונז דאָ אַריינצופיהרען,
זיך אַלס מכשף אָדער טייפעל שטעלען?

### מעפיסטאָפעלעס.

כאָטש איך בין זעהר געוואוינט אינקאָגניטאָ צו געהן,
דאָך לאָזט מען אין אַ פעסט־טאָג זיינע אָרדענס זעהן.
אַ קניעבאַנד צייכענט מיך נישט אויס,
דאָך איז דער פערדענ־פוס דאָ פיעל געעהרט.
זעהסט די שנעקע? זי קומט צו קריכען שוין;
מיט איהר טאַפּענדיג געזיכט
האָט זי שוין דערשמעקט מיך.
׳ך קען מיך נישט פאַרלייקענען אפילו ווען איך וויל.
נו קום! פון פייער געהען מיר צו פייער,
איך בין דער שדכן און דו ביזט דער פרייער.　(104)

(צו אייניגע וואָס זיצען ארום צאנקענדיגע פייערן)

איהר אַלטע העררן, נו, וואָס מאַכט איהר דאָ?
׳ך וואָלט געלויבט אייך, וואָלט איך אייך געפונען,
מיט געטראַנק און יוגענדליאַרעם אַרומגערינגעלט;
דאָך היימיש פיהלט זיך יעדער דאָ.

### גענעראל.

ווער קען נאָך אין נאַציאָנען גלויבען?
וויפיעל מען האָט נישט פאר זיי געטהאָן;
ווייל ביי דעם פאָלק, ווי ביי די ווייבער,
פאַרנעהמט די יוגענד דעם אויבענאַן.

### מיניסטער.

פון דעם גערעכטען איז מען יעצט שוין ווייט,
איך לויב מיר נאָר די גוטע אַלטע;
ווייל ווען מיר זענען אַלץ געווען,
געווען איז דאַן די גאָלד׳נע צייט.

### אויפגעקומענער.

מיר זענען אויך נישט דום געווען,
און אפט געטהאן וואס נישט בעדארפט;
דאך קעהרט זיך אלצדינג איבער יעצט,
ווען מיר האבען'ס פעסט געוואלט דערהאלטען.

### פערפאסער.

ווער וויל איצט איבערהויפט א שריפט
מיט גוטען קלוגען אינהאלט לעזען!
און וואס דאס יונגע פאלק באטרעפט,
'ס איז קיינמאל אזוי עזות'דיג געוועזען.

### מעפיסטאפעלעס.

(וועלכער ערשיינט מיט אמאל זעהר אלט). (105).
צייטיג פיהל איך שוין דאס פאלק פאר'ן לעצטען געריכט,
ווייל איך צום לעצטען מאל דעם העקסען-בארג שוין שטייג,
און ווייל מיין פעסעל איז שוין אויסגעלעדיגט,
דאן מוז דער וועלט'ס אויך זיין צו ענדע.

### די אלטווארג-מכשפה. (106)

איהר הארן געהט מיר נישט פארביי!
לאזט די געלעגענהייט נישט דורך,
קוקט זיך גוט נאר צו מיין סחורה צו!
עס זענ'ן פאראן דא זאכען אלערליי.
דאך איז גארנישט אין מיין זאמלונג דא,
וואס האט צו זיך קיין גלייכען אויף דער ערד,
און וואס האט קיין גרויסען שאדען
דעם מענשען און דער וועלט געטהאן.
קיין שפיעז איז דא פון וועלכען 'ס האט קיין בלוט געפלאסען,
קיין בעכער, וואס האט אין א געזונטען לייב
נישט טויטליך הייסען גיפט געגאסען,
קיין שמוק, וואס האט א ליעבענסווירדיג ווייב

נישט פארפיהרט, קיין שווערט וואָס האָט קיין בונד גע־
בראָכען.
און הינטען־ארום דעם געגנער נישט דערשטאָכען.

מעפיסטאָפעלעס.

מוהמע! איהר פארשטעהט די צייטען שלעכט.
געטהאָן! געשעהן! געשעהן! געטהאָן!
מיט נייאיגקייטען גיט אייך אָב!
בלויז נייאיגקייטען ציהן אונז צו.

פאוסט.

איך זאָל מיך דאָ נאָר נישט פארליערען!
דאָס הייסט אויך מיר א יאַריד!

מעפיסטאָפעלעס.

דער גאַנצער דרעה־שטראָם שטרעבט נאָך אויבען;
דו מיינסט דו שטויסט און ווערסט אליין געשטויסען.

פאוסט.

ווער איז דאָס?

מעפיסטאָפעלעס.

בעטראַכט זי נאָר גוט!
לילית איז דאָס.

פאוסט.

ווער?

מעפיסטאָפעלעס.

אָדם'ס ערשטע ווייב. (107)
פאר איהרע שעהנע האָר נאָר אכטונג גיב,
דער איינציגער שמוק, מיט וועלכען זי שיינט.
ווען זי דערמיט דעם יונגען מאַן נאָר פאנגט,
לאָזט זי איהם שוין אַזוי גיך נישט אָב.

פ א ו ס ט.

דאָ זיצען צוויי, די אַלטע מיט דער יונגער ;
זיי האָבען שוין אַ היבשע ביסעל אומגעשפּרונגען !

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

היינט האָט קיינער נישט קיין רוה.
מען געהט צום נייעם טאַנץ ; קום לאָמיר מיט.

פ א ו ס ט.

(מיט דער יונגער טאַנצענדיג).

איך האָב געהאַט אַ שעהנעם טרוים ;
געזעהן האָב איך אַ גאָלד'נעם בוים,
געגלאַנצט האָב'ן שעהנע עפּעל צוויי,
פול לוסט בין איך אַרויף צו זיי.

ד י ש ע ה נ ע.

עפּעלעך באַגעהרט איהר דאָך
פון לאַנג שוין, פון גן־עדן נאָך.
פון פריידען בין איך טיעף גערירהט,
וואָס אויך מיין גאָרטען אַזעלכע ציהרט.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס (מיט דער אַלטער)

איך האָב געהאַט אַ וויסטען טרוים ;
געזעהן האָב איך אַ געשפּאַלט'נעם בוים,
ער האָט געהאַט אַ — — ;
ווי — 'ר איז געוועזען, 'ז מיר געפעל'ן דאָך.

ד י א ל ט ע.

איך גיב יעצט אָב דעם שענסטען גרוס
דעם ריטער מיט דעם פערדען־פוס !
האַלט אַ — — נאָר אויסגעשטרעקט,
ווען דיך — — — נישט שרעקט.

פראקטאפאנטאסמיסט. (108)

פארפלוכטעס פאלק! וואס אונטערשטעלט איהר אייך?
האט מען אייך דען לאנג שוין נישט באוויזען,
אז גייסטער קענען אויף געוועהנליכע פיס נישט שטעהן?
יעצט טאנצט איהר גאר, ווי מיר אנד'רע מענשען גלייך!

די שעהנע (טאנצענדיג).

וואס וויל דען דער אויף אונזער באל?

פאוסט (טאנצענדיג).

א! דעם געפינט מען אומעדום.
וואס אנדערע טאנצען, מוז ער שאצען.
קען ער נישט יעדען שריט באשווארצען,
דאן איז דער שריט אזוי גוט ווי נישט געשעהן.
איהם ערגערט איבערהויפט נאך, וואס מיר פארוועדטס געהן.
ווען איהר וואלט אין קרייז געוואלט זיך דרעהן
ווי ער אין זיין אלטער מיהל עס טהוט,
וואלט עס דאן געהייסען האלב נאך גוט;
איבערהויפט ווען איהר איהם שעהן באגריסען זאלט.

פראקטאפאנטאסמיסט.

איהר זענט נאך אלץ דא! א, דאס איז אונערהערט!
פארשווינדט! מיר האבען דאך שוין אויפגעקלעהרט!
די טייפעלבאנדע פרעגט נישט נאך קיין רעגעל.
מיר זענען קלוג דאך איז פאר'כשפ'ט טעגעל. (109)
ווי לאנג האב איך געשוויצט, דעם שגעון ארויסצוקעהרען!
און קיינמאל ווערט נישט ריין, דאס איז דאך אונערהערט!

די שעהנע.

הער שוין אויף אונז דא צו נודיען!

**פ ר אָ ק ט אָ פ אָ נ ט אָ ס מ י ס ט.**

איך זאָג ׳ס אייך גייסטער אין געזיכט,
דעם גייסטעס-דעספּאָטיזמוס לייד איך נישט;
פּראַקטיציערען קען איהם נישט מיין גייסט.

(מען טאַנצט ווייטער).

גאָרנישט וועט מיר היינט שוין, ווי איך זעה, געלינגען;
דאָך מיין רייזע וועל איך ווייטער מאַכען,
און איך האָף נאָך, פאר מיין טויט,
די טייוואָלים און די דיכטער צו באַזיעגען.

**מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.**

ער וועט פאַרוואַנדלען באלד זיך אין אַ הונד,
אַזוי איז שוין ביי איהם די מאָדע זיך צו טרייסטען,
און ווען פּיאַווקעס וועלען פון זיין בלוט זיך נעהרען,
ווערט ער גלייך פון גייסטער און פון גייסט געהייהלט.

(צו פאוסט, וועלכער איז ארוים פון טאַנץ).

ווארום האָסט דו פאַרלאָזט דאָס שעהנע מיידעל
וואָס האָט דיר אַזוי שעהן צום טאַנץ געזונגען?

**פ אַ ו ס ט.**

אַ! אין מיטען דעם געזאַנג אַרויסגעשפּרונגען
איז אַ מייזעל איהר אַ רויטס פון מויל. (110)

**מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.**

דאָס איז גוט! דאָס נעהמט מען נישט אַזוי גענוי;
אַבי דאָס מייזעל נישט געווען איז גרוי.
ווער דענקט גאָר פון אַזעלכע זאַכען אין דער ליעבעס-צייט?

**פ אַ ו ס ט.**

דאַן האָב איך געזעהן —

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

וואָס ?

פ אַ ו ס ט.

מעפיסטאָ, זעהסט דו דאָרט
אַ בלאַס שעהן קינד אַליין פון ווייטען שטעהן ?
זי רוקט זיך לאַנגזאם פון איהר אָרט,
זי שיינט ווי מיט געשלאָס'נע פיס צו געהן.
איך מוז געשטעהן, מיר דאַכט זיך אויס,
ווי די גוטע גרעטכען זעהט זי אויס.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

לאָז דאָס געהן ! עס קומט דערפון קיין גוטס ארויס.
עס איז אַ צויבערבילד, איז טויט, אַן אָבגאָט.
איהם צו באַגעג'נען איז נישט גוט ;
דער שטאַרער בליק פאַרקיהלט דעם מענשענס בלוט,
און ער ווערט כמעט פאַרשטיינערט,
האָסט פון דער מעדוזע דאָך געהערט. (111)

פ אַ ו ס ט.

אמת, די אויגען זענען ווי פון אַ טויטער,
וואָס אַ צאַרטע האַנד זיי נישט געשלאָסען האָט.
דאָס איז די ברוסט וואָס גרעטכען מיר געגעבען האָט,
דאָס איז דער זיעסער לייב, וואס איך גענאָסען האָב.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס.

דאָס איז דער כשוף, דו לייכט פאַרפיהרטער נאַר !
ווייל יעדען קומט זי ווי זיין ליעבסטע פאָר.

פ אַ ו ס ט.

וואָס פאר אַ גליק ! וואָס פאר אַ ליידען !
איך קען מיך פון דעם בליק נישט שיידען.
ווי זאָנדערבאַר, עס מוז דעם שעהנעם האלז

א דין רויט שנירעל בלויז פארציהרען,
נישט ברייטער ווי א מעסער-שארף!

מעפיסטאפעלעס.

זעהר גערעכט! איך זעה עס אויך.
זי קען דעם קאפּ אויך אונטער'ן אָרעם טראָגען;
וואָס איהר פּערזעאוס האָט אָראָבגעהאַקט. —
נאָך אַלץ די לוסט צו משוגעת!
קום צום בערגעל דאָ ארויף,
'ס איז דאָ לוסטיג ווי אין פּראַטער; (112
און אויב איך בין נאָר נישט פאר'כשופ'ט,
זעה איך ווירקליך א טהעאַטער.
וואָס שפּיעלט מען דאָ?

סערוויבליס. (113).

גלייך פאַנגט מען ווידער אָן.
א גאַנץ ניי שטיק, דאָס לעצטע שטיק פון זיעבען;
אזוי פיעל צו געבען איז דאָ אַזאַ מנהג.
א דילעטאַנט האָט עס געשריעבען,
און שפּיעלען וועלען עס דילעטאַנטען.
פאַרצייהט איהר הערר'ן ווען איך גלייך פארשווינד;
מיך דיליטירט'ס דעם פאָרהאַנג אויפצוהייבען.

מעפיסטאָפעלעס.

ווען איך געפין אייך אויף דעם בלאָקסבאַרג,
דאַן איז גוט; ווייל דאָ געהערט איהר בלויז.

XXII.

## וואַלפּורגינסנאַכטס-טרוים (114)

אדער

## אַבעראָנס און טיטעניאַס גאָלדענע חתונה.

א י נ ט ע ר מ ע צ אָ.

ט ה ע אַ ט ע ר מ י י ס ט ע ר.

מיעדינגס ליעבע קינדער, (115)
היינט רוהען מיר אַמאָל!
עס איז די גאַנצע סצענע
בלויז אַלטער באַרג און טהאָל!

ה ע ר א ל ד.

אַז גאָלדען זאָל די האָכצייט זיין,
מוזען פופציג יאָהר פאַראיבער;
אָבער איז דער קריעג פארביי
ד אָ ס גאָלד'נע איז מיר ליעבער.

אָ ב ע ר אָ ן.

זענט איהר גייסטער וואו איך בין,
דאַן צייגט אייך אין די שטונדען;
דער קעניג און די קעניגין,
זענ'ן אויף דאָס ניי פאַרבונדען.

פ ו ק. (116)

קומט דער פוק און שפּרינגט אַרום,
און פלינק טהוט ער זיך דרעהען;
הונדערט קומען הינטער איהם,
זיך אויך מיט איהם צו פרעהען.

א ר י א ל. (117)

'ס באַוועגט אריאל דעם געזאַנג
אין טענער הימליש ריינע;

פיעלע נארען לאַקט זיין קלאַנג,
דאָך לאַקט ער אויך די שעהנע.

אַבעראָן.

פאַרלעך וואָס גוט לעבען ווילען,
זאָלען לערנען פון אונזביידען!
אום עס זאָלען צוויי זיך ליעבען,
דאַרף מען זיי נאָר בלויז צעשיידען.

טיטאַניאַ.

שרייט דער מאַן און גרילצט די פרוי,
און צום קריעגען נעהמט קיין עק,
פיהרט־זשע זי אַוועק קיין מזרח,
איהם קיין מערב פיהרט אַוועק.

אָרקעסטער. טוטטי. (118)

(פאַרטיססימאַ).
פליגען־שנויץ און מיקען־נאָז
מיט זייערע טראַבאַנטען,
זשאַבע'ן בלעטער, גריל און גראָז,
דאָס זענ'ן די מוזיקאַנטען.

סאָלאָ. (119)

זעהט אָט קומט דער דודעלזאַק!
עס איז דער זייפענבלאָז,
הערט דעם שנעקעשניקעשנאַק,
ווי ער פאָנפעט דורך דער נאָז.

גייסט וואָס האַלט ערשט אין ווערן. (120)

שפינען־פוס און זשאַבע־בויך,
און פויגעל — אַ געשיכטעל!
כאָטש קיין חיה וועט דאָס זיין,
דאָך אַ שעהן געדיכטעל.

א פאָרעלע. (121)

קליינער שריט און הויכער שפרונג
דורך האָניג-טהוי און דופטען;
שפרינגען שפרינגסט דו שוין גענוג,
קומסט דאָך נישט אין דער לופטען.

נייגיעריגער רייזענדער. (122)

איז דאָס נישט א שפיעל פול שפּאַט?
וואָס מיינע אויגען זעהען!
אָבעראָן דעם שעהנעם גאָט,
זעה איך אויך דאָ שטעהען!

אָרטאָדאָקס. (123)

נישט קיין קלויען, נישט קיין עק!
דאָך איז עס נישט קיין צווייפעל,
אז ווי „די געטער גריכענלאַנדס“,
אזוי איז ער א טייפעל.

נאָרדישער קינסטלער. (124)

סקיצען קען מען היינט דאָ בלויז
זעהען ווי פון ווייטענס;
צו דער איטאַליענ׳שער רייזע,
באַרייט איך מיך באַצייטענס.

פּוריסט. (125)

עס ברענגט מיין אונגליק מיך אהער,
וואָס ווערט דאָ נישט געפלוידערט!
און פון אַלע מכשפות
בלויז זענען צוויי געפּוידערט.

יונגע מכשפה.

׳ס איז דער פּוידער ווי א ראָק
וואָס פּאַסט פאַר יעדען ווייב;

איך זיץ מיר נאַקעט אויף'ן באַק
און צייג מיין שעהנעם לייב.

**אַם.**

מיר זענען צופיעל פיין פאַר אייך,
אום דאַ מיט אייך צו מוילען;
דאַך האָף איך, איהר זאַלט יונג און צאַרט,
ווי איהר זענט פארפוילען.

**קאַפּעלמייסטער.**

פליגען-שנויץ און מיקען-נאַז,
טאַנצט נישט ביי די נאַק'טע!
זשאַבע'ן בלעטער־גריל און גראַז,
האַלט דאָך גוט די טאַקטען!

**ווינד-פאַהן.** (126)

(אין איין זייט).

געזעלשאַפט גוטע ליעב און פיין,
ווירקליך לויטער כלות!
און יונגע לייט דאַ, מאַן פאַר מאַן!
האַפנונגספול איז אַלעס.

**ווינד-פאַהן.**

(אין דער אנדערער זייט)

און עפענט זיך די ערד נישט אויף
זיי אַלע איינצושלינגען,
דאַן וועל איך מיט אַ שנעלען לויף
גלייך אין גהינם שפּרינגען.

**קסעניען.** (127)

מיר זענען אַלס אינסעקטען דאַ!
מיט קליינע שאַרפען שערען,
דעם שטן, אונזער הערר פּאַפּאַ,
לויט כבוד צו פאַרעהרען.

ה ע נ י נ ג ס.

זעהט, ווי אלע דא אינאיינעם
נאאיוו צוזאמען שפאסען!
זיי וועלען נאך באהויפטען באלד,
זיי קענען גאר ניט האסען.

מ י ס א ז ש ע.

איך קען אין מכשפה מאסע
גיכער זיך פארליערען;
ווייל בעסער וואלט געקענט איך ז י י,
ווי מוזען פארצופיהרען.

ס י - ד ע ו ו א ן ג ע נ י ו ס פ ו ן ד ע ר צ י י ט.

מיט גרויסע מענשען ווערט מען וואס,
טא, האלט זיך איינס אין צווייטען;
דער בלאקסבארג, ווי דער דייטשער פארנאס,
האט אויך א שפיץ א ברייטען.

נ י י ג י ר י ג ע ר ר י י ז ע נ ד ע ר.

זאגט, ווי הייסט דער שטייפער מאן,
וואס דרעהט זיך שטאלץ אין מיטען?
ער שמעקט צו אלעס וואס ער קען.
„ער שפירט נאך יעזואיטען.“

ק ר א נ י ך.

אין קלאהרען וואסער וואלט איך גערן
ווי אויך אין טריבען פישען;
דערפאר זעהט איהר דעם פרומען הערר
זיך אויך מיט טייפלען מישען.

ו ו ע ל ט ק י נ ד.

יא, פאר די פרומע, גלויבט עס מיר,
איז אלעס ווי א שעצעל;

און מאַכען אויפ׳ן בלאָקסבאַרג דאָ
זיך אַ געמיטליך פּלעצעל.

### טענצער.

עס קומט שוין אָן אַ נייער כאָר
איך הער די באַראַבאַנען.
נאָר ניט געשטערט, דאָס איז אין גראָז,
עס רוישט נאָר בלויז פון דאַנען.

### טאַנצמייסטער.

ווי יעדער מיט די פיס דאָ שפּרינגט!
זיך, ווי ער קען, אַרויסדרעהט!
דער קרומער שפּרינגט, דער גראָבער טאַנצט
און פרעגט ניט ווי עס אויסזעהט.

### דער גוטער ברודער.

ווי האַסען זיך די לומפּען דאָ,
און שטעכען זיך מיט רעיות;
דער דודעלזאַק פאַראייניגט זיי דאָ,
ווי אָרפעוס׳ם לירע די חיות.

### דאָגמאַטיקער.

איך לאָז זיי ניט פאַרפיהרען מיך,
ניט דורך קריטיק און צווייפעל;
דער טייפעל מוז דאָך עטוואָס זיין,
ווי דען וואָלט ג׳ווען אַ טייפעל?

### אידעאַליסט. (135)

די פאַנטאַזי איז אין מיין זין
דאָס מאָל ווי אַ האַר נאָר;
און בין איך שטענדיג אָט אַזוי,
בין איך דאָך אַ נאַר גאָר.

### רעאַליסט.

דאָס וועזען קרענקט און ערגערט מיך,

און ׳ס איז מיר אויך פארדריסלעך;
איך שטעה דא היינט צום ערשטען מאל,
אויף היהנערישע פיסלעך.

ס ו פ ע ר נ א ט ו ר א ל י ס ט. (136)

מיט פיעל פארג׳ניגען בין איך דא
מיט אלעמען צו לאכען;
נאך טייפעל פריינדשאפט, קען מען אויך
מיט גוטע גייסטער מאכען.

ס ק ע פ ט י ק ע ר. (137)

זיי געהען אויף די פלעמלעך׳ס שפור,
און מיינען ז׳ האבען א שאץ.
צו טייפעל גראמט זיך צווייפעל נאר,
דאס איז דער ריכט׳גער פלאץ.

ק א פ ע ל מ י י ס ט ע ר.

זשאבע׳ן בלעטער, גריל און גראז,
פארפלוכטע דילעטאנטען!
פליגענ-שנויץ און מיקענ-נאז,
אי זענט איהר מוזיקאנטען!

ד י ו ו י ס ע נ ד י ג ע. (138)

סאן-סוסי ׳זוי הייסט די באנדע
פון די לוסטיגע פריינד;
מיר קענען אויף די פיס נישט געהן,
געהן מיר אויף די קעפ היינט.

ד י ג ע ש י ק ט ע.

האב׳ן מיר שוין געכאפט א ביסען,
האט אבער גאט באפוילען!
אונז זענ׳ן די שיך שוין דורכגעטאנצט,
מיר לויפען אויף נאק׳טע זוילען.

א י ר ל י כ ט ע ר.

פון די זומפען קומען מיר,

ווי ליעבליכע גאלאנטען,
און זענען אין די רייהען דא,
די גלאנצעדיגע פראנטען.

פליהענדער שטערן. (139)

אין בין אראב דא פון דער הויך,
אין פייער גלאנץ געוועז,
יעצט ליג איך גאר באהאלטען אין
ווער העלפט מיר אויפצושטעהן.

די שוועהו״ע. (140)

פלאץ נאר פלאץ! ארום און ארום,
די גראזען פאלען אנידער,
גייסטער קומען, גייסטער וואס אויך
האבען פלומפע גליעדער.

פוק.

טרעט נישט חברה אזוי שוועהר
ווי עלעפאנטען אריין,
דער פלומפסטער פון די אלע געסט,
מוז היינט דא פוק נאר זיין.

אריאל.

האט די ליעבענדע נאטור
פליגעל אייך געגעבען,
לאמיר־זשע אין לייכטען שוואונק,
צום רויזענבארג־צו שוועבען.

ארקעסטער (פיאניססימא).

וואלקענ־צוג און נעבעל־קראנץ
זענען אנגעצונדען,
לופט און בלעטער, ווינד און רעה, ,
און אלץ איז גלייך פארשוואונדען.

XXIII.

## (141) טריבער טאָג.

### פעלד

אין עלענד! פאַרצווייפעלט! אונ׳רחמנות׳דיג לאַנג אויף דער ערד אַרומגעבלאָנדזשעט און יעצט געפאַנגען! אַלס מערדערין צו לאַנגע שוידערהאַפטע ליידען אין קערקער איינגעשלאָסען, די שעהנע אונגליקליכע געשטאַלט! אַזוי וויט איז עס געקומען! אַזוי וויט! — פאַררעטהערישער. ניכטסווירדיגער גייסט, און דאָס האָסט דו פאַר מיר באַהאַלטען! — שטעה נאַר, שטעה! דרעה דיינע טייפלישע אויגען צאָרנענדיג אַרום אין קאָפּ! שטעה און טראָץ מיר דורך דיין אונערטרעגליכער געגענוואַרט! געפאַנגען! אין אונבאַהאַלפענעם עלענד; צו שלעכטע גייסטער איבערגעגעבען, און דער פאַראורטהיילענדער, קאַלטבלוטיגער מענשהייט! און דו האָסט מיך דערוויל איינגעליולעט אין נאַרישע צעשטריי־אונגען, באַהאַלטענדיג פאַר מיר איהר וואַקסענדעס שמערץ לאָזענדיג זי הילפלאָז פאַרדאַרבען!

### מעפיסטאָפעלעס.

זי איז נישט די ערשטע.

### פאוסט.

הונד! אַבשייליך פאַרזעהעניש! — פאַרוואַנדעל איהם, דו אונענדליכער גייסט! פאַרוואַנדעל דעם וואָרעם וויעדער אין זיין הונדגעשטאַלט, ווי עס איז איהם געפעלען ביינאַכט פאַר דעם אונשעדליכען וואַנדערער זיך פאַר די פיס צו וואַרפען, און זיך דעם געפאַלענעם אויף די אַקסלען אויפצוהענגען. פאַרוואַנדעל איהם וויעדער אין זיין ליעבלינג־געשטאַלט, איך זאָל איהם מיט די פיס טרעטען, דעם פאַרוואָרפענעם!

— נישט די ערשטע! — וועה! וועה! וואָס קיין מענשליכע נשמה קען נישט באַגרייפען, אַז מעהר ווי איין באַשעפעניש, איז אין דער טיפעניש פון דעם עלענד פאַרזונקען געוואָרן, אַז די ערשטע האָט אין איהר אַנגסט-טויט, אין די אויגען פון דעם עביג פאַרגעבענדעם, נישט גענוג געליטען אַז ער זאָל אַלע אביעריגע פאַרצייהען. מיר שוידערט דער מאַרך און דאָס גאַנצע לעבען פאַר דעם עלענד פון דער איינציגער; דו גרינזסט קאַלטבלוטיג איבער דעם שיקזאַל פון טויזענדער!

מעפיסטאָפעלעס.

יעצט זענען מיר שוין ווידער ביי דער גרענעץ פון דעם שפּאַס, דאָרט וואו אייער מענשען-פאַרשטאַנד ווערט ווילד. וואָרום חבר'סט דו דיך מיט אונז, ווען דו עס נישט דורכפיה-רען קענסט? ווילסט פליהען און ביזט פאַר דעם שווינדעל נישט זיכער? האָבען מיר זיך אויף דיר אָנגעוואָרפען, אָדער דו אויף אונז?

פאַוסט.

קריץ נישט אַזוי מיט דיינע פרעסערישע צייהן געגען מיר! עס עקעלט מיך! — גרויסער הערליכער גייסט וואָס דו האָסט זיך מיר אַנטפּלעקט, דו וועלכער קענסט מיין האַרץ און מיין נשמה, וואָרום שמיעדסט דו מיך צו דעם שאַנד-חבר, וועל-כער פיטערט זיך פון שאָדען, און פון פאַרדאַרבען זעטיגט זיך?

פאַוסט:

שטשירע ניט אַזוי דיינע פרעסערישע צייהן אויף מיר! מיך עקעלט עס! — גרויסער, הערליכער גייסט, וואָס דו האָסט מיך געווירדיגט מיט דיין ערשיינונג, וואָס דו קענסט מיין האַרץ און מיין נשמה, פאַר וואָס האָסטו מיך צוגעשמידט צו אָט דעם שענדליכען אינדיווידואַל, וואָס האָט הנאה פון שע-דיגען און קוויקט זיך מיט פאַרניכטען.

מעפיסטאָפעלעס:

ביזטו פאַרטיג?

פ א ו ס ט:

רעטע זשע! אָדער וועה איז צו דיר! די שרעקליכסטע קללה אויף דיר פאַר יאָהר טויזענדע!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס:

איך קען די קייטען פון גואל הדם ניט צערייסען, זיינע שלע-סער ניט עפענען — ווער האָט זי אריינגעשטירצט אין אומ-גליק — איך אָדער דו?

(פאוסט קוקט זיך ווילד ארום).

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס:

זאָנסט א דונגער? א גליק נאָך, וואָס איהר, עלענדע שטערב-ליכע, קענט זיך מיט איהם ניט באַנוצען! ס׳איז די טבע פון טיראַנען צו צעשמעטערן דעם אומשולדיגען, וואָס וואַגט זיי צו ענטפערן, דאָס איז זייער אופן ווי זיך ארויסדרעהן פון א פאַרלעגענהייט.

פ א ו ס ט:

ברענג מיך צו איהר! זי זאָל פריי זיין!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס:

און די געפאַהר אין וועלכער דו קומסט דורך דעם? ווייס, אַז אויף דער שטאָדט ליגט נאָך די בלוטיגע שולד פון דיין טאַט. איבער׳ן קבר פון דער ערמאָרדעטער שוועבען נקמה-גייסטער און לויערן אויפ׳ן צוריקקעהר פון מערדער.

פ א ו ס ט:

דאָס מוז איך אויך פון דיר הערען? א וועלט פון מאָרד און טויט זאָל אויף דיר פאַלען, דו אונגעהיימער! פיהר מיך אַהין, זאָג איך דיר, און באַפריי זי!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל ע ס:

איך פיהר דיך, און וואָס איך קען טאָן, הער! האָב איך דען די גאַנצע מאַכט פון הימעל און ערד? דעם וועכטער׳ס חושים

וועל איך איינשלעפערען, און דו רייס ביי איהם ארויס די
שליסעל און פיהר זי ארויס מיט דיין מענשענ-האַנד. איך
וועל וואַכען! די צוויבער-פערד שטעהן גרייט, איך וועל
אייך אוועקפיהרען, דאָס קען איך.

פ אַ ו ס ט:

שנעל! לאָמיר געהן.

פ א ו ס ט (וואַרפט זיך אנידער).

דיר ליגט אַ ליעבענדער צו פיסען,
די יאָמער-קנעכטשאַפט אויפצושליעסען.

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע (וואַרפט זיך לעבען איהם).

אָ, לאָמיר קניען די הייליגע צו רופען!
זעה! אונטער די טרעפ,
אונטער דער שוועל
זיעדט דער גהינם!
און דער נישט גוטער,
מיט שרעקליכען כעס,
רעוועט געפעהרליך!

פ אַ ו ס ט (הויד).

גרעטכען! גרעטכען!

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע (אויפמערקזאם).

דאָס איז געוועזן דאָס קול פון פריינד!

(זי שפרינגט אויף, די קייטען פאַלען ארונטער).

וואו איז ער? ׳ך האָב געהערט איהם רופען.
איך בין פריי! מיר זאָל קיינער וועהרען.
צו זיין האַלז וויל איך פליהען,
ליגען ביי זיין ברוסט.
ער האָט גערופען גרעטכען! ׳ר איז געשטאַנען אויף דער
שוועל.
אין מיטען פון רעוועז און קאַלפען פון גהינם,

דורך דעם כעס'דיגען טייפלישען שפאט,
דערקענט האב איך דעם זיעסען, ליעבען טאן.

**פאוסט.**

איך בין עס!

**מארגארעטע.**

דו ביזט עס! א, זאג עס נאך אמאל!

(איהם ארומכאפענדיג).

ער איז עס! ער איז עס! וואו איז דער גאנצער שמערץ?
וואו די שרעק פון קערקער? פון די קייטען?
דו ביזט עס! דו קומסט מיך רעטען!
איך בין גערעטעט! —
איך זעה די גאס שוין ווידער,
וואו 'ך האב צום ערשטען מאל געזעהען דיך,
און דעם פריילוכען גארטען,
וואו איך און מארטהע האבען אויף דיר געווארט.

**פאוסט** (קעמפפענדיג זי אוועקצופיהרען).

קום מיט! קום מיט!

**מארגארעטע.**

א, פארווייל נאך!
פארווייל דאך גערן איך וואו דו פארווײלסט.

(זי גלעט איהם).

**פאוסט.**

אייל דיך!
ווען דו איילסט זיך נישט,
וועלען מיר'ם טהייער מוזען באצאהלען.

**מארגארעטע.**

ווי? דו קאנסט מעהר נישט קושען?
מיין פריינד, אזא קורצע צייט פון מיר אוועק,

און האָסט דאָס קושען שוין פאַרגעסען?
וואָרום ווערט מיר ביי דיין האַלז אַזוי באַנג?
ווען אין זיינע ווערטער, דיינע בליקען,
האָב אַ הימעל איך געזעהן,
און האָסט געקושט מיך צום דערשטיקען.
קוש מיך!
אויב נישט, קוש איך דיך! (זי נעהמט איהם ארום).
אַ וועה! דיינע ליפּען זענען קאַלט,
זענען שטום.
וואו איז דיין ליעבען
געבליעבען?
ווער האָט עס מיר געטהאָן? (קעהרט זיך אב פון איהם).

פ אַ ו ס ט.

קום! פאָלג מיר נאָך! ליעבסטע האָב מוט!
האַלזען וועל איך דיך מיט טויזענדפאַכער גלוט;
נאָר קום! דאָס בעט איך בלויז פון דיר!

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע (זיך אומדרעהענדיג צו איהם).

און ביזט דו עס? און ביזט דו עס געוויס?

פ אַ ו ס ט.

איך בין עס! קום מיט!

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

דו מאַכסט די קייטען לויז,
נעמסט מיך ווידער אין דיין שויס.
ווי קומט עס וואָס דו ווייכסט יעצט נישט פון מיר? —
ווייסט דו דען, מיין פריינד, וועמען דו באַפרייסט?

פ אַ ו ס ט.

קום! קום! שוין פאַרשווינדט די טיעפע נאַכט.

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

מיין מאַמע האָב איך אומגעבראַכט,

דערטרונקען אויך מיין קינד.
איז עס נישט דיר און מיר געווען געשענקט?
דיר אויך. — דו ביזט עס, איך גלויב עס קוים.
גיב מיר דיין האַנד! עס איז נישט קיין טרוים!
דיין ליעבע האַנד! — אָבער, אַך, זי איז פייכט!
וויש זי אָב, ווי מיר דאַכט
איז בלוט אויף איהר.
אַך גאָט! וואָס האָסט דו געטהאָן!
שטעק צוריק אַריין דיין שווערט;
אָ, איך בעט דיך!

### פאוסט.

לאָז דאָס פאַרגאַנגענע פאַרגאַנגען זיין.
דו ברענגסט מיך אום.

### מארגארעטע.

ניין, דו מוזט אונז איבערלעבען!
איך וועל דיר די קברים באַשרייבען.
פאַר זיי מוזט דו זאָרגען,
גלייך מאָרגען;
דער מאַמען דעם בעסטען פלאַץ געבען,
מיין ברודער גלייך דערנעבען,
מיך אָביסעל ביי דער זייט,
אָבער נישט זעהר וייט!
און דאָס קליינע ביי מיין רעכטער ברוסט.
קיינער וועט ביי מיר שוין מעהר נישט ליגען.
מיך ביי דיין זייט צו טוליען,
איז געווען אַ זיעסער, שעהנער גליק!
אָבער 'ס וועט מיר שוין נישט מעהר געלינגען;
איך פיהל ווי' איך וואָלט געמוזט מיך צו דיר צווינגען,
ווי דו וואָלסט פון דיר געשטויסען מיך צוריק;
און דאָך ביזט דו'ס, און בליקסט אַזוי גוט, אַזוי פרום.

פ א ו ס ט.

פיהלסט דו אז איך בין עס, דאַן קום!

מ א ר ג א ר ע ט ע.

דאָ ארויס?

פ א ו ס ט.

צו דער פרייהייט.

מ א ר ג א ר ע ט ע.

איז דער קבר דאָרט,
לויערט דער טויט, דאַן קום!
פון דאַנען אין עביגען רוהעבעט
און ווייטער מעהר קיין שריט —
דו געהסט שוין? אַ, היינריך וואָלט געקענט איך מיטגעהן!

## XXIV.

## נאכט. (140)

---

### אפען פעלד.

(פאוסט, מעפיסטאפעלעס, אויף שווארצע פערד דורכברויזענדיג).

פאוסט.

וואס וועבען זיי דארט ארום דעם ראבענשטיין?

מעפיסטאפעלעס.

איך וויים נישט וואס זיי קאכען און טהוען.

פאוסט.

שוועבען ארויף, שוועבען אראב, נייגען זיך, בייגען זיך.

מעפיסטאפעלעס.

א מכשפה־באנדע.

פאוסט.

זיי שטרייהען און באשווערען.

מעפיסטאפעלעס.

פארביי! פארביי!

## XXV.

## קערקער (141)

(פאוסט מיט א בינד שליסעל און א לאמפ פאר אן אייזערנעם טהירל).

**פאוסט.**

מיך נעמט ארום א לאנג אנטוויינטער שוידער,
דער מענשהייטס גאנצער יאמער כאפט מיך אן.
דא וואוינט זי, הינטער דער פייכטער מויער ,
און איהר פארברעכען איז געוועזן א גוטע טוישונג!
דו צעגערסט צו איהר צו געהן?
שרעקסט דיך זי ווידער צו זעהן?
געה! דיין צעגערן דערנעהנט דעם טויט.

(ער נעמט אן דעם שלאס. פון אינוועניג הערט זיך זינגען).

מיין מאמע די הור, (142)
וואס מיך ערמארדעט האט!
מיין טאטע, דער שופט,
וואס מיך געגעסען האט!
מיין שוועסטערל קליינס
געלעגט האט די ביינער,
אויף א קיהלען ארט;
דאן בין איך געווארען א שעהן וואלדפייגעלע;
פליה אוועק, פליה אוועק!

**פאוסט.**

זי ווייסט נישט, אז דער געליעבטער הערט

ווי די קעטען קלינגען, און דאס שטרוי וואס רוישט.

(ער געהט אריין).

מארגארעטע (באהאלטענדיג זיך אויף'ן געלעגער).

וועה! וועה! זיי קומען. ביט'רער טויט!

פאוסט (שטיל).

שטיל! שטיל! איך קום דיך באפרייען.

מארגארעטע (ווארפט זיך פאר איהם).

ביזט דו א מענש, דאן פיהל מיין נויט!

פאוסט.

וועסט די וועכטער פון דעם שלאף נאך וועקען!

(ער נעמט די קעטען זיי אויפצושליעסען).

מארגארעטע (אויף די קניע).

ווער האט די מאכט דיר, הענקער,
איבער מיר געגעבען!
דו נעמסט מיך שוין אין מיטערנאכט.
האב רחמנות לאז מיך לעבען.
איז מארגען אין דער פריה נישט צייט גענוג?

(זי שטעהט אויף).

איך בין דאך נאך אזוי יונג, אזוי יונג!
און זאל שוין שטארבען!
שעהן בין איך געווען, דאס געוועזן איז מיין פארדארבען.
נאהענט איז געווען דער פריינד, יעצט איז ער שוין ווייט;
צעריסען ליגט דער קראנץ, די בלומען צעשטרייט.
נעם מיך מיט אזא געוואלד נישט אן!
שוין מיך! וואס האב איך דיר געטהאן?
לאז מיך דיך אומזיסט נישט בעטען,
'ך האב דיך דאך קיינמאל נישט געזעהן!

פאוסט.

וועל איך דעם יאָמער איבערשטעהן ?

מארגארעטע.

יעצט בין איך אין דיין גאַנצער מאַכט.
לאָז אָנזייגען מיך צוערשט דאָס קינד.
איך האָב׳ס געהאַלזט די גאַנצע נאַכט.
זיי האָבען עס אַוועקגענומען, מיך צו קרענקען,
יעצט זאָגען זיי, איך האָב עס אומגעבראַכט.
און קיינמאָל וועל איך פריילעך זיין.
זיי זינגען פון מיר ליעדער ! דאָס איז שלעכט פון די מענשען !
אַזוי ענדיגט זיך אַ ליעדעל,
ווער הייסט עס זיי אַזוי ערקלעהרען ?

פאוסט (ווארפט זיך אנידער).

דיר ליגט אַ ליעבענדער צו פיסען,
די יאָמער־קנעכטשאַפט אויפצושליעסען.

מארגארעטע (ווארפט זיך לעבען איהם).

אַ לאָמיר קניען די הייליגע צו רופען !
זעה ! אונטער די טרעפּ,
אונטער דער שוועל
זיעדט דער גהינם !
און דער נישט גוטער,
מיט שרעקליכען כעס,
רעוועט געפעהרליך !

פאוסט (הויך).

גרעטכען ! גרעטכען !

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע (אויפמערקזאם).

דאָס איז געווען דאָס קול פון פריינד!

(זי שפרינגט אויף, די קעטען פאלען ארונטער).

וואו איז ער? 'ך האָב געהערט איהם רופען.
איך בין פריי! מיר זאָל קיינער וועהרען.
צו זיין האַלז וויל איך פליהען,
ליגען ביי זיין ברוסט.
ער האָט גערופען גרעטכען! 'ר איז געשטאַנען אויף דער שוועל.
אין מיטען פון רעווען און קלאַפען פון גהינם,
דורך דעם כעס'דיגען טייפלישען שפאָט,
דערקענט האָב איך דעם זיעסען, ליעבען טאָן.

פ אַ ו ס ט.

איך בין עס!

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

דו ביזט עס! אַ זאָג עס נאָך אמאָל!

(איהם ארומכאפענדיג).

ער איז עס! ער איז עס! וואו איז דער גאַנצער שמערץ?
וואו די שרעק פון קערקער? פון די קעטען?
דו ביזט עס! דו קומסט מיך רעטען!
איך בין גערעטעט! —
איך זעה די גאַס שוין ווידער,
וואו 'ך האָב צום ערשטען מאָל געזעהען דיך,
און דעם פריילּיכען גאָרטען,
וואו איך און מארטהע האָבען אויף דיר געווארט.

פ אַ ו ס ט (קעמפפענדיג זי אוועקצופיהרען).

קום מיט! קום מיט!

מארגארעטע.

א פארוויל נאך!
איך פארוויל דאך גערן וואו דו פארווײלסט.
(זי גלעט איהם).

פאוסט.

אײל דיך!
ווען דו דיך נישט אײלסט,
װעלען מיר'ס טהייער מוזען באצאהלען.

מארגארעטע.

ווי? דו קאנסט מעהר נישט קושען?
מיין פריינד, אזא קורצע צייט פון מיר אװעק,
און האסט דאס קושען שוין פארגעסען?
וואָרום ווערט מיר ביי דיין האלז אזוי באנג?
ווען אין דיינע ווערטער, דיינע בליקען,
האב א הימעל איך געזעהן,
און האסט געקושט מיך צום דערשטיקען.
קוש מיך!
אויב נישט, קוש איך דיך! (זי נעמט איהם ארום).
א וועה! דיינע ליפען זענען קאלט,
זענען שטום.
וואו איז דיין ליעבען
געבליעבען?
ווער האט עס מיר גענומען? (קעהרט זיך אב פון איהם).

פאוסט.

קום! פאלג מיר נאך! ליעבסטע פאס מוט!
האלזען וועל איך דיך מיט טויזענדפאכער גלוט;
נאר קום! דאס בעט איך בלויז פון דיר!

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע (זיך אומדרעהענדיג צו איהם).

און ביזט דו עס? און ביזט דו עס געווים?

פ אָ ו ס ט.

איך בין עס! קום מיט!

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

דו מאַכסט די קעטען לויז,
נעמסט מיך ווידער אין דיין שוים.
ווי קומט עס וואָס דו וויכסט יעצט נישט פון מיר? —
ווייסט דו דען, מיין פריינד, וועמען דו באַפרייסט?

פ אָ ו ס ט.

קום! קום! שוין פאַרשווינדט די טיעפע נאַכט.

מ אַ ר ג אַ ר ע ט ע.

מיין מאַמע האָב איך אומגעבראַכט,
דערטרונקען אויך מיין קינד.
איז עס נישט דיר און מיר געווען געשענקט?
דיר אויך. — דו ביזט 'ס איך גלויב עס קוים.
גיב מיר דיין האַנד! עס איז נישט קיין טרוים!
דיין ליעבע האַנד! — אָבער, אַך, זי איז פייכט!
וויש זי אָב! ווי מיר דאַכט
איז בלוט אויף איהר.
אַך גאָט! וואָס האָסט דו געטהאָן!
שטעק צוריק אַריין דיין שווערט;
אָ, איך בעט דיך!

פ אָ ו ס ט.

לאָז דאָס פאַרגאַנגענע פאַרגאַנגען זיין.
דו ברענגסט מיך אום.

מארגארעטע.

ניין, דו מוזט אונז איבערלעבען!
איך וועל דיר די קברים באשרייבען.
פאר זיי מוזט דו זארגען,
גלייך מארגען;
דער מאמען דעם בעסטען פלאץ געבען,
מיין ברודער גלייך דערנעבען,
מיך אביסעל ביי דער זייט,
אבער נישט זעהר ווייט!
און דאס קליינע ביי מיין רעכטער ברוסט.
קיינער וועט ביי מיר שוין מעהר נישט ליגען.
מיך ביי דיין זייט צו טוליען,
איז געווען א זיסער, שעהנער גליק!
אבער 'ס וויל מיר שוין נישט מעהר געלינגען;
איך פיהל ווי איך וואלט געמוזט מיך צו דיר צווינגען,
ווי דו וואלסט פון דיר געשטויסען מיך צוריק;
און דאך ביזט דו 'ס, און בליקסט אזוי גוט, אזוי פרום.

פאוסט.

פיהלסט דו אז איך בין עס, דאן קום!

מארגארעטע.

דא ארוים?

פאוסט.

צו דער פרייהייט.

מארגארעטע.

איז דער קבר דארט,
לויערט דער טויט, דאן קום!
פון דאנען אין עביגען רוהעבעט

און ווייטער מעהר קיין שריט —
דו געהסט שוין? אָ, היינריך, וואָלט געקענט איך מיטגעהן!

פאוסט.

קענסט! וויל נאַר! די טהיר שטעהט אָפען.

מארגארעטע.

איך קען נישט געהן; 'ך האָב שוין נישט וואָס צו האָפען.
וואָס העלפט דאָס פליהען? זיי לויערן דאָך אויף מיר.
עס איז אַזוי ביטער בעטלען צו מוזען,
און דערצו נאָך מיט שלעכטען געוויסען!
עס איז אַזוי ביטער אין דער פרעמד צו זיין,
און זיי וועלען מיך ענדליך דאָך כאַפּען!

פאוסט.

איך בלייב מיט דיר.

מארגארעטע.

געשווינד! געשווינד!
רעטע דיין אָרעם קינד,
געה אויף דעם וועג
צום טייכעל אַרויף,
איבער דעם שטעג
אין וואַלד אַריין,
לינקס וואו די ברעט שטעהט,
אין טייך.
כאַפּ עס נאַר גלייך!
עס וויל זיך הייבען,
עס צאַפּעלט נאָך!
רעטע! רעטע!

פּאוסט.

קום דאָך צו דיר!
נאָר איין שריט און דו ביזט פריי!

מאַרגאַרעטע.

וואָלטען מיר שוין דעם בארג געוועזן פאַרביי!
דאָרט זיצט מיין מאַמע אויף אַ שטיין,
עס פּאַסט מיך אַ שוידער, אַ קאַלטער!
דאָרט זיצט מיין מאַמע אויף אַ שטיין
און וואַקעלט מיט דעם קאָפּ;
זי ווינקט נישט, זי ניקט נישט, דער קאָפּ איז איהר שווער,
לאַנג איז זי געשלאָפען, מיר זאָלען זיך פרעהן,
דאָס זענען גליקליכע צייטען געוועזן!

פּאוסט.

העלפט נישט קיין בעטען, העלפט דאָ קיין זאָגען;
אזוי וועל איך וואַגען אוועק דיך צו טראָגען.

מאַרגאַרעטע.

לאָז מיך! ניין, איך דולדע קיין געוואַלט!
כאַפּ מיך אַזוי מערדעריש נישט אָן!
האָב איך דאָך אַלצדינג צוליעב דיר געטהאָן.

פּאוסט.

עס גרויט דער טאָג! ליעבסטע! ליעבסטע!

מאַרגאַרעטע.

טאָג! יא עס ווערט טאָג! דער לעצטער טאָג קומט אָן;
דאָס האָט געזאָלט מיין האָכצייט'ס טאָג זיין! (143)
זאָג נישט קיינעם אַז דו ביזט ביי גרעטכען שוין געוועזן.

וועה צו מיין קראנץ!
עס איז שוין געשעהן!
מיר וועלען זיך ווידער זעהן;
אבער נישט ביים טאנץ.
די מענגע דרענגט, מען הערט זי נישט.
דער פלאץ, די גאסען
זענען שוין איבערגעפילט.
עס רופט דער גלאק, דער שטעקען ברעכט.
זעה, ווי זיי מיך בינדען און כאפען!
צום בלוט־קלאץ בין איך שוין געבראכט.
שוין צוקט עס ארום יעדען האלז
די שארף וואס צוקט אויף מיינעם יעצט.
שטום ווי דער קבר ליגט די וועלט.

מעפיסט. (ערשיינט אין דרויסען).

שנעל! אדער איהר זענט פארלוירען.
אונניציג רעדען! צווידערן און פלוידערן!
מיינע פערד שוידערן
די מארגען־דעמערונג קומט.

מארגארעטע.

וואס שטייגט דא פון דער ערד ארויס?
דער! דער! שיק איהם אוועק!
וואס וויל דער דא ביים הייליגען ארט?
ער וויל מיך!

פאוסט.

דו זאלסט לעבען!

מארגארעטע.

גאט'ס געריכט! דיר האב איך מיך איבערגעגעבען!

מעפיסטאָפעלעס (צו פאוסט).

קום! קום! אין פארלעגענהייט לאָז איך דיך מיט איהר.

מארגארעטע.

דיינע בין איך פאָטער! רעטע מיך!
מלאכים! הייליגע מחנות,
לאגערט אייך אַרום, אום מיך צו באשיצען!
היינריך מיך שוידערט עס פון דיר.

מעפיסטאָפעלעס.

זי איז גע'משפט! 144)

שטימע (פון אויבען).

זי איז גערעטעט!

מעפיסטאָפעלעס (צו פאוסט).

אהער צו מיר! (פארשווינדט מיט פאוסט).

שטימע (פון אינוועניג, אָבשטארבענדיג).

היינריך! היינריך!

# באמערקונגען צו פאוסט.

## 1. ווידמונג.

אייגענטליך האט די „ווידמונג“ מיט דער דראמא דירעקט גאר־נישט וואס צו טהון. עס איז אבער אינטערעסאנט צו וויסען, אז דאס געדיכט האט געטהע אנגעשריבען אין 1797, דאס הייסט 24 יאהר שפעטער, נאכדעם ווי ער האט אנגעשריבען א „פראגמענט“ פון ערשטען טהייל „פאוסט“ געדרוקט אין 1790.

אכט־און־פערציג יאהר איז געטהע אלט געווען, ווען זיין פריינד, דער באריהמטער דיכטער שיללער, האט איהם געבעטען דעם „פראג־מענט“ צו ענדיגען. דער געדאנק פון „פאוסט“, וועלכער האט איהם פארפאלגט זייט זיין 21טען יאהר האט ווידער אמאל גענומען אויפ־לעבען אין געטהע'ס פאנטאזי, און צוריקרופענדיג די „העלדען“ פון דער, כמעט דונקעלער פארגאנגענהייט, חלום'ט ער:

„איהר דערנעהנט אייך ווידער פלאטערנדע געשטאלטען
„וואס איהר אמאל געצייגט זיך האט מיין טריעבען בליק...“

זעהענדיג דערביי, פאוסט, מארגארעטע, מעפי־סטאפעלעס, א. אז. וו.

„זיי הערען נישט מעהר די וויטערע געזאנגען,
„די נשמות פאר וועלכע 'ך האב צוערשט געזונגען...“

מיינט ער די פריינד פאר וועלכע ער פלעגט אין דער יוגענד פאר־לעזען אלץ וואס ער פלעגט שרייבען. מחמת מאנכע פון זיי זענען געשטארבען, אנדערע זענען אין דער וויטער וועלט אוועק, א. אז. וו.

## 2. פארשפיעל אויף דער ביהנע.

**אין דעם „פארשפיעל“, — וועלכער איז בלויז א מין פראלאג, וואס דארף נישט געשפיעלט ווערן, — זעהט מען, ערשטענס: ווי**

געטהע איז פארביטערט געווען געגען דער מאסע ביי וועלכער ער האט נישט אויסגענומען, — שרייבענדיג מאנכע דראמען און קא־מעדיען, וועלכע האבען קיין „סוקסעס" נישט געמאכט, — צוויי־טענס: זייענדיג דירעקטאר פון דעם וויימאר טהעאטער איז ער געוואהר געווארן וואס די מאסע איז, דריטענס: די מייסטערהאפ־טע שילדערונג פון עביגען קאמפף צווישען דיכטער וועלכער וויל שאפען קונסט־ווערק צוליעב דער קונסט אליין, דעם שוישפיעלער וועלכער וועט מאכען אלערליי קאמעדיאנטסקע שטיק אבי אויסצו־נעמען ביים עולם און ענדליך, דעם דירעקטאר, וועלכער זארגט זיך נאר אז די קאסע זאל זיין פול.

### 3. די סלופעס זענען אויפגעשטעלט.

אין דייטשלאנד, ווי אויך אין אנדערע לענדער, פלעגען ארומ־פאהרען טרופעס שוישפיעלער, אויף יעדען מארק אויפשטעלען א בודקע, און שפיעלען טהעאטער. אין אזא „טהעאטער" האט געטהע, אלס קינד, צום ערשטען מאל געזעהן דאס פופען־שפיעל „פאוסט".

* * *

די לעצטע שורה:

אין גהינם, דורך דער וועלט פון הימעל.

מיינט דער גאנג פון דער דראמא (ערשטעל טהייל) וועלכער הייבט זיך אן אין הימעל, קומט אויף דער ערד און ענדיגט זיך אין גהינם. (דאס הייסט, מיר דארפען פערשטעהן אז אזוי ענדיגט זיך). דער צווייטער טהייל איז פונקט פארקעהרט; ער הייבט אן פון דער ערד, געהט דורך דעם גהינם און ענדיגט אין הימעל.

### 4. פראלאג אין הימעל.

עס איז קיין צווייפעל נישט, אז געטהע האט דעם פראלאג גע־נומען פון איוב, ווייל אין קיין שריפט פאר איוב ווערט נישט דער־מאנט דער שטן, און אין קיין שריפט פאר איוב איז קיין געשפרעך נישטא צווישען שטן און גאט.

„ויהי היום ויבאו בני האלהים להתיצב על יהוה ויבוא גם השטן בתוכם“ א. אז. וו.

און עס איז געווען אין א טאג, ווען די בני אלהים זענען גע־קומען זיך פאר גאט אוועקצושטעלען, און דער שטן איז צווישען זיי אויך געקומען. (איוב, א. 6).

דאן פאלגט דער געשפרעך אין וועלכען דער שטן (מעפיסטא־פעלעס) מאכט א וועט מיט גאט, אז ער וועט זיין קנעכט (איוב אדער פאוסט) פון דרך הישר אראבפיהרען, און אין פאוסט אזוי ווי אין איוב פארליערט דער שטן זיין וועט, און גאט בלייבט דער זיעגער.

* * *

מעהרערע „פאוסט“ פארשער האבען פרוביערט פעסטצושטע־לען פון וואנען דער נאמען „מעפיסטאפעלעס“ שטאמט. מאנכע באהויפטען אז דאס איז א צונויפשטעלונג פון דריי גריכישע ווער־טער „מי־פיסטא־פילים“, וואס מיינט דער „נישט קיין פריינד פון ליכט“. אם נעהנטעסטען צום אמת אבער שיינט צו זיין זיידעל וועלכער באהויפטעט אז „מעפיסטאפעלעס“ איז א צונויפשטעלונג פון צוויי העברעאישע ווערטער „מפר־טפל“ וואס מיינט „פארניכ־טער־ליגנער“.

עס איז איבריג צו זאגען אז די דריי מלאכי הפנים זענען ביב־לישע, און ווערן צוערשט דערמאנט אין פארשיעדענע פלעצער אין ת'נ'ך.

### 5. עס זינגט די זון לויט אלטען מנהג.

לויט די לעהרען פון דעם גריכישען פילאזאף און מאטהעמא־טיקער פיטהאגאראס, וועלכער האט געלעבט אין זעקסטען יאהר־הונדערט פאר דער יעצטיגער צייטרעכענונג, האבען די הימלישע קערפערס, די זון, די שטערן, די לבנה, א. ז. וו. אין זייער לויף ארויסגעלאזען הארמאנישע קלאנגען.

אבער פון פיטאגאראס'ן איז דאס קיין נייעס נישט געווען.

ווייל נאך אין „איוב“, וואס איז געשריבען געווארן אפשר פערצעהנ־
הונדערט יאהר איידער ער איז געבוירן געווארן, שטעהט: „ברן
יחד כוכבי בקר“ א. אז. וו. די מארגענשטערן האבען אינאיינעם
געזונגען. (איוב לח 7). און ישעיה, וועלכער האט געלעבט
כמעט צוויי הונדערט יאהר פאר איהם, זאגט אויך: „רנו שמים“
א. אז. וו. — זינגט איהר הימלען. (ישעיה מד. 23).

* * *

ספערענלויף, דער לויף פון די הימלישע קערפערס וועל־
כע זענען ספעריש, רונד, און זייער לויף איז א רונדער.

6. וועלכער רעגט און ווירקט און מוז אלס טייפעל שאפען.

דאס הייסט, כאטש דעם טייפעל'ס ארבייט איז צעשטערונג,
דאך, אויפרייצענדיג דעם מענש, נישט געבענדיג איהם קיין רוה,
טרייבט ער איהם צו שאפען. קומט אויס, אז להכעיס זיין טייפלי־
שער נאטור צו צעשטערען, שאפט ער גאר.

7. נאכט.

אין דער סצענע, וועלכע איז הער ווירקליכער אנהויב פון דער
דראמא, זעהען מיר פאוסט'ן אלס א מאן וועלכער באזיצט אן אל־
וועלטליכע בילדונג, דורכגעדרונגען איז אלע וויסענשאפטען, א
מייסטער און פראפעסאר, אבער א מיעדער, אונצופריעדענער, מוט־
לאזער מענש. גארנישט באפריעדיגט זיין גייסט וועלכער שטרעבט
אלץ צו וויסען, און קומט צו דער איבערצייגונג אז פון די ביכער,
וועלכע זענען דאך נישט מעהר ווי א פראדוקט פון א בשר ודם
געהירן, קען מען גארנישט וויסען. און אזוי ווי ער קען קבלה, רופט
ער די גייסטער, דורך וועלכע ער האפט טיעפער אריינצודרינגען
אין די סודות פון דער נאטור נאך וועלכע זיין גאנצער איך
שטרעבט, און וועט זיך מעהר נישט דארפען גריבלען אין פוסטע
טרוקענע ווערטער.

8. אנגעפילט מיט אינסטרומענטען.

אינסטרומענטען מיט וועלכע פ א ו ס ט האט זיך באנוצט אלס אלכעמיקער און מאטהעמאטיקער.

9. חיות־ריפען, מענשען־ביינער.

דאס ווייזט אז פ א ו ס ט איז געווען א דאקטאר פון מעדיצין, און האט נאטירליך שטודירט אנאטאמי, דעם מענשליכען קערפער, ווי אויך א קענער פון זאאלאגי, דער שטודיום פון חיות אין אלגעמיין.

10. פון נאסטראדאמוס'ס אייג'נער האנד.

נאסטראדאמוס איז דער לאטיינישער נאמען פון מישעל דע נאטרדאם, א באריהמטער פראנצויזישער מעדיצינער, ווערענדיג דער לייב־ארצט פון דעם פראנצויזישען קעניג קארל IX און נאך מעהר באריהמטער אסטראלאג, (שטערן־פארשער, שטערן־זעהער) און מכשף.

אזוי ווי נאסטראדאמוס האט געלעבט אין דער זעלבער צייט מיט דעם היסטארישען פ א ו ס ט, וויל אונז געטהע מאכען גלויבען אז פ א ו ס ט שטודירט זיין, נאסטראדאמוס'עס, בוך וואו עס ווערט באשריבען ווי אזוי צו באשווערען גייסטער אז זיי זאלען ערשיינען.

11. מאקראקאסמוס.

אין גריכיש „מאקראקאסמוס“ הייסט ג ר ו י ס ע ־ ו ו ע ל ט. דאס ווארט מאקראקאסמוס איז אין מיטעלאלטער באנוצט געווארן פון די אסטראלאגען און פילאזאפען צו באצייכענען דעם אוניווערזום, דאס וועלט־אל, די וועלט איז אלגעמיין, ד. ה. הימעל, זון, לבנה, שטערן, ערד, פלאנעטען, ווי אויך אלצדינג וואס געפינט זיך אין יענער זייט פון הימעל.

אין גריכיש „קאסמאס“ מיינט אויך א ר ד נ ו נ ג, וואס איז דער היפך פון „כאאס“ אונארדנונג, קומט אוים אז „מאקרא־קאסמאס“

דאס איז א „צייכנונג וואס שטעלט פאר די אונטערשטע און אויבערשטע וועלט, און די וואנדלונג פון דער נשמה אין מאקראקאסמוס.




(דאס גרויסע געהיימניס).

מיינט גרויסע ארדנונג אדער גרויסע הארמאני. ביי דעם „צייכען" וועלכען פאוסט זעהט, דארפען מיר אלזא פארשטעהען, אז ער זעהט א מין געאמעטרישע צייכנונג, וועלכע האט אין זיך די צויבערקראפט צו ווייזען דאס גרויסע וועלט־אל, אדער די גרויסע הארמאני. מען קען נישט וויסען צי געטהע האט אין זינען געהאט אירגענד וועלכען געוויסען צייכען, אבער אום דער לעזער זאל בעסער פארשטעהען אום וואס דא האנ־

דעלט זיך, גיבען מיר א פאר אזעלכע צייכענס, מיט וועלכע די אסטראלאגען פון מיטעלאלטער האבען זיך באנוצט.

„מיקראקאסמוס" מיינט די קליינע־וועלט, דאס הייסט דער מענש, וועלכער שטעלט מיט זיך צוזאמען דאס הימלישע (די נשמה) און דאס ערדישע (דער קערפער).

12. ערדגייסט.

מאנכע מפרשים דענקען אז געטהע האט מיט דעם „ערדגייסט" געמיינט דעם גייסט וואס שאפט אלץ וואס האט א שייכות בלויז מיט דער ערד, און איז דערפאר נעהנטער צום מענש ווי דער „מאַקראקאסמוס". נאר אזוי ווי אלע שאפענדע גייסטער ערשיינען אין א פלאם פייער (ווייל דורך פייער, ווארעמקייט, ווערט אלצדינג באשאפען), דערפאר דערשרעקט זיך פאוסט ווען ער דערזעהט דעם גייסט.

נאך אין דער ביבעל ווערט דערצעהלט ווי משה האט געהאט די זעלבע ערפאהרונג מיט אלהים, וואס מיינט באשאפער אדער שאפענדער גייסט, וועלכער האט זיך צו איהם באוויזען אין א ברענענדיגען דארן־בוים, און פאר וועלכען משה האט זיך דערשראקען:

„וירא יהוה כי סר לראת, ויקרא אליו אלהים מתוך הסנה", א. אז. וו.

— און גאט האט געזעהן ווי ער (משה) קעהרט זיך אב פון צו קוקען (מחמת ער האט זיך דערשראקען) האט אלהים איהם גערופען פון דער מיט פון דעם דארן־בוים. (שמות, ג. 4).

אז „אלהים" מיינט באשאפער, זעהען מיר פון „בראשית ברא אלהים את השמים ואת הארץ" — אין אנהויב האט אלהים (גאט דער באשאפער) באשאפען דעם הימעל און די ערד. אבער אזוי ווי די אידען זענען מאנאטהעאיסטען, דאס הייסט גלויבער אין איין גאט, איז ער אליין דער באשאפער און הערשער פון דאס גאנצע וועלט־אל.

* * *

עס קען אויך זיין אז געטהע האט די באגייסטערונג פאר דער מצענע געקראגען פון דער זעלבער קוועלע, ווייל אין קיין שריפט

פאר דער ביבעל ווערט נישט דערצעהלט א באגעגעניש פון א מענש מיט אלהים אין א פלאם.

13. אין לעבענסשטראם אין שטורם פון טהאט.

פון די פאלגענדע ניין שורות דרינגט איינער פון די מפרשים (קרייזיג) אז געטהע האט מיט דעם „ערדגייסט" געמיינט דעם גייסט פון מענשליכער געשיכטע.

* * *

אויף די ווערטער:

„באשעפטיגטער גייסט ווי נאה'נט פיהל איך מיך דיר!"

זאגט, קונא פישער, איינער פון די באריהמטעסטע פאוסט מפרשים, פאלגענדעס:

„לויט דעם וועזען נאך מוזען מיר קענען דעם ערדגייסט באגרייפען, ווייל מיר זענען זיין גלייכען, און זענען זיין גלייכען, ווייל מיר קענען איהם באגרייפען, איז דאך דאס קינד פון דעם זעלבען פלייש און בלוט ווי זיין באשעפער. אבער דער באשעפער איז אזוי אונענדליך גרעסער ווי יעדעס איינצעלנע פון זיינע אונצעהליגע קינדער, אז די וועזען-גלייכקייט מוז זיך אונטערווארפען דער קוואנטיטעט (צאהל) אונגלייכקייט. פאוסט איז גערעכט זיך קוואליטאטיוו (איינענ-שאפטליך) מיט דעם ערדגייסט צו פארגלייכען, אבער ער איז זעהר אומ-גערעכט דעם אונענדליכען שתח פון אומפאסונג און מאכט אריבער-שפרינגען צו וועלען, דעם שתח וועלכער טהיילט אב דאס וועזען (באַ-שעפעניש) פון דעם באשעפער פון באשעפענישען".

14. פאמולוס.

„פאמולוס" פלעגט מען אין מיטעלאלטער רופען אז ארימען סטודענט וועלכער, נישט האבענדיג קיין געלד צו שטודירען, פלעגט טהון געוויסע הויזליכע ארבייט ביים פראפעסאר אין דערהיים, פאר וועלכען דער פראפעסאר פלעגט איהם אויסהאלטען. אויך, געהילפס-פראפעסאר.

15. וואגנער.

אין וואגנער'ן כאראקטעריזירט געטהע דעם געלעהרטען מיט קלאהרען ריינעם שכל, מיט טרוקענער קאלטער איבערלעגונג. וואג-

נער איז דער כאראקטער וועלכער „פליהט נישט אין די הימלען״ האט ליעב צו זיין איבערצייגט, איהם מוז מען געבען פאק־טען, ער האלט זיך אין דעם פאזיטיווען, זיכערן; דערפאר איז ער אויך נישט רעליגיעז. מעפיסטאפעלעס קען אויף איהם דער־פאר קיין שליטה נישט האבען, און דערפאר קען ער פאוסט'ן נישט פארשטעהן. מיט אייןווארט פאוסט איז דער פילאזאף, דער טהעארעטיקער וועלכער שוועבט אין די הימלען, און וואגנער איז דער עמפיריקער, דער פראקטיקער, וועלכער פארלאזט זיך נישט אויף נסים אדער גלאט טהעאריען.

פאוסט איז אויך נישט גערעכט ווען ער זיעדעלט איהם פאר זיינע „קליינליכקייטען״ ווייל דער סוף איז, אז נישט פאוסט נאר וואגנער ענדיגט די פראקטישע ארבייט פאוסט'ס.

מאנכע מפרשים דענקען אז געטהע האט מיט וואגנער'ן גע־מיינט אבצולאכען פון זיינע פעדאנטישע פראפעסארען. דערפאר רופט מען „וואגנער״ איינעם וועלכער איבערטרייבט אין אבהיטען אלע קלייניגקייטען, ד. ה. פעדאנט.

### 16. ווער ווארגט דאס קינד ביים ריכטיגען נאמען צו רופען?

ווער קען אנרופען דעם ריכטיגען נאמען, אדער דעם ריכטיגען אמת פון דעם מענשען'ס אינערליכע ערפינדונגען, דאס הייסט אזעלכעס וואס מען קען מיט פראסטען שכל נישט ערקלעהרען?

### 17. א דונערווארט האט מיך אוועקגעבלאזען.

דער געוואלדיגער איינדרוק וואס דער ערדגייסט האט געמאכט אויף פאוסט'ן, ווירקט אויף איהם, נאכדעם ווי וואגנער פארלאזט דאס צימער, מיט נייער ריעזען־קראפט, ביז ער דערגרייכט דעם נא־טירליכען אויסברוך.

### 18. איך באגרים דיך איינציגע פיאלע.

פיאלע, א פלעשעל אדער א גלעזעל איז וועלכען די כעמי־קער האלטען זייערע עסענצען.

פאוסט באגריסט דאָס גלעזעל מיט פרייד וויסענדיג אז דאָרט איז פאראַן גיפט, מיט וועלכען ער וועט ענדיגען זיין ענגען ערדי־שען לויף.

19. צו נייע ברעגעס ברענגט אַ נייער טאָג.

די „נייע ברעגעס" זענען די ברעגעס פון דעם נייעם לעבען אין יענער זייט פון דעם ערדישען לעבען, וועלכע ברענגען אַ „נייעם טאָג" פון שאַפען, ד. ה. ווערענדיג אַ גייסט און דורכדעם מעהר געטער־גלייך.

20. דורך וועלכע יעדער רוקט זיך גערן דורך.

די טהוירען וועלכע פיהרען אריין צו יענעם לעבען, ד. ה. אין דער גייסטער־וועלט.

אין די שורות זעהט מען מיט וויפיעל ענטשלאָסענקייט פאוסט וויל אריבער די גרענעץ פון דעם ערדישען צו דעם גייסטער־לעבען, צו דער געטער הויכקייט.

21. און מיט איין צוג דאָס גלאָז צו לעהרען.

אַ מיטעלאַלטערליכער מנהג אין דייטשלאַנד, ווען געסט פלעגען זיך צוזאַמענקומען פלעגט מען טרינקען וויין פון איין גלאָז, און יעדער, וועמענס רייהע עס איז געקומען צו טרינקען, פלעגט אימ־פּראָוויזירען אַ קורץ געדיכט, און דערנאָך מיט איין צוג אויסטרינ־קען דעם וויין.

22. מלאכים כאָר.

עס איז די ערשטע קריסטליכע פסח־נאַכט ווען די קריסטליכע וועלט פייערט די אויפערשטעהונג (תחית המתים) פון יעזוס. די גלעקער קלינגען און מלאכים זינגען אַנזאַגענדיג די בשורה.

דאָס דערמאַנט פאוסט'ן אין זיינע גליקליכע קינדער יאָהרען. ער ווערט היגנעריסען און ווי דורך אַ צויבער צוריקגערופען צום לעבען.

23. אבגעקלונגגען די פארזיכ׳רונג פון א נייעם בונד.

מיט יעזוס׳עס געבורט איז, לויט דעם קריסטליכען גלויבען, געשאפען געווארן א נייער בונד מיט גאט. ד. ה. דער „ברית חדשה“.

24. ווייבער כאר.

דאס זענען די דריי ווייבער וועלכע זענען, (לויט דער נייער טעסטאמענט דערצעהלט), דעם דריטען טאג נאך יעזוס׳עס טויט, געקומען צו זיין קבר און איהם נישט געפונען.

25. כאר פון נאכפאלגער.

דאס זענען ענטוועדער די ערשטע נאכפאלגער פון יעזוס׳ען, אדער די יעצטיגע קריסטען, וועלכע זיינען, לויט דער לעהרע פון אסקעטיזמוס, (אבצוקומען אויף דער וועלט) מקנא יעזוס׳ען וואס ער איז שוין אין הימעל.

26. פאר דעם טהויר.

אין דער סצענע ווערט מיט וואונדערבארער רעאליסטישער קראפט געשילדערט א פסח־זונטאג, ווען דאס פאלק רייסט זיך ארויס, נאך די טרויריגעווינטער־טעג און לאנגע ווינטער־נעכט, אויף דער ווידער גרינענדער ערד, און פייערט די ווידערגעבורט, די אויפלעבונג פון דער נאטור, יעדער אויף זיין שטייגער.

ביז ענדליך, ביי דער שלום־סצענע, פאוסט דערזעהט דעם שווארצען הונד, וועלכער וועט שפעטער, אלס מעפיסטאפעלעס, ווערן זיין לעבענסבאגלייטער.

די גאנצע סצענע איז אזוי לעבעדיג און נאטורטריי, אז ווייטע־רע ערקלעהרונגען זענען איבריג.

* * *

עס איז צו באמערקען אז געטהע, ווי יעדער אמת׳ער קינסטלער־מאהלער, האט ליעב געהאט צו מאלען זיינע סצענערים פון דער נא־

טור. די באשרייבונג פון דער סצענערי אין דער גאנצער סצענע איז די דרויסענדיגע זייט פון דעם „סאקסענהויזישען שטאדט־טהויר“ אנטקעגען פראנקפורט, אין דער אנדערער זייט פון דעם פלוס מיין.

27. זי האט אין הייליגען אנדרעי׳ס נאכט.

אין מאנכע געגענדען פון דייטשלאנד גלויבט מען אז אין דער נאכט פון הייליגען אנדרעי (29 נאוועמבער), קען מען זעהן די צוקונפט. צ. ב., אז מיידלעך, איידער זיי לעגען זיך שלאפען, נעמען זיך אין זינען אריין דעם הייליגען אנדרעי אלס א נאקעטען, וועלען זיי אין חלום זעהן זייער צוקונפטיגען חתן. אנדערע מיידלעך ווידער, גיסען בליי דורך א שליסעל־קאפ, וואס האט די פארעם פון א צלם, אין א שיסעל וואסער אריין. דאס אבגעקיהלטע בליי צייגט דאן דעם צוקונפטיגען חתן׳ס ווערקצייג, וואס דייטען אז וואס פאר א בעל מלאכה ער וועט זיין. דאס מוז אבער געטהאן ווערן צווישען עלף און צוועלף ביינאכט.

28. מיר האט זי איהם געוויז׳ן אין א קריסטאל.

די מכשפות און אזוי פאקוסניקעס, פלעגען זיך באנוצען מיט א שטיקעל קריסטאל, א שפיגעלע, אדער אזוי א גלאנציגע זאך. אום דארט אריינצוקוקען, „זעהען“ די צוקונפט און „אויסזאגען“ כודות.

29. זיי פייערן די אויפערשטעהונג פון ערלעזער.

„ערלעזער“ מיינט יעזוס, וועלכער ווערט באטראכט פון די קריסטען אלס משיח, דער וועלט־ערלעזער.

30. פויערן אונטער דעם לינדען־בוים.

דער טאנץ איז א טהייל פון דעם „פראגראם“, מיט וועלכען די פויערן פילען אויס זייער יום־טוב פון פסח־זונטאג.

דאס ליעד איז אן אמת פאלקסליעד און די איבערזעצונג איז זעהר א שווערע, ווייל ווען מען זאל א פאלקסליעד איבערזעצען פאלשטענדיג, דאס הייסט מיט גראמען, וואס וואלט שוין גע־הייסען א פרייע איבערזעצונג, מוז דאס ליעד אנווערען כמעט די גאנצע אריגינעלע פאלקסטהימליכקייט.

31. וואס איין געזעלשאפט פון אדעפטען.

„אדעפט" האט מען איין מיטעלאלטער גערופען אן עקספערט, א געניטען קענער פון אלכעמי.

* * *

אלכעמי איז א וויסענשאפט מיט וועלכער פארשיעדענע גע־לעהרטע פון מיטעלאלטער האבען זיך אבגעגעבען, און וועלכע האבען פרובירט, מיט פארשיעדענע כעמישע שטאפען צו פארוואנדלען פארשיעדענע מעטאלען אין גאלד, וואס איז נאטירליך געבליבען אונאויספיהרבאר. אויך האבען זיך די אלכעמיסטען באמיהט אויס־צוגעפינען דעם „לעבענס־עליקסיר", דאס הייסט, א מיטעל ווי אזוי צו לעבען עביג, וואס איז, נאטירליך, אויך געבליבען ביים זוכען.

טראצדעם וואס פון דער דאזיגער וויסענשאפט איז כמעט ווי גארנישט געווארן, האבען מיר זיי דאך צו פארדאנקען דעם שיס־פולווער, פאספאר (אזא מין ברענשטאף) ווי אויך די מאדערנע וואונדערבארע וויסענשאפט כעמי.

* * *

די „שווארצע קיך" איז דאס לאבאראטאריום וואו די אלכע־מיסטען פלעגען ארבייטען.

32. מען האט א לייב א רויטען, א שטאלץ־געליעבטען,

די אלכעמיסטען, וועלכע זענען אין דער זעלבער צייט געווען גרויסע פאנטאסטען האבען די פארשיעדענע שטאפען גערופען מיט פארשיעדענע נעמען. צ. ב., „רויטער לייב", אזא מין רויטליכער

שטאף וועלכער הייסט צ י נ א ב א ר און וועלכער באשטעהט פון 2 געמישטע שטאפען: סולפור (שוועבעל), און מערקור (קוועקזילבער). „שטאלץ־געליעבטער", דערפאר ווייל דער שטאף מישט זיך לייכט אויס מיט אנדערע שטאפען.

„ליליע", א מין ווייסער שטאף וועלכער הייסט א נ ט י מ א נ י. רויט ווידער, איז די מענליכע פארב, און ווייס — די ווייבליכע.

„לעבליך באד", איז א לוליך־ווארעם וואסער איז וועלכען מען האט די שטאפען אריינגעלעגט זיך אויסצומישען.

„ביי אפענעם פייער, געמארטערט פון איין עהע־בעט אין צווייטען", ד. ה., דורך א שטארק פייער האט מען די שטאפען געצוואונגען צו יאגען פון איין דיסטיליר־גלאז אין צווייטען.

אין „די יונגע קעניגין", דער סובסטאנץ (דער עסענץ) פון דיביידע געמישטע שטאפען ערשיענען אין „בונטע פארבען" — פור־פור רויט, אדער אז אנדער שעהנע פארב — דאן „געוועז די מעדיצין אין פארטיג".

אזא פראצעס פון מישען שטאפען האבען די אלכעמיסטען גערופען „חתונה".

33. דער קראניך שוועבט זיך שטיל אהיים.

„קראניך" איז א מין גרויסער פויגעל מיט לאנגע רויטליכע פיס, ווייסע פעדערן, שווארצע פליגעל, און א לאנגען געל־רויטליכען שנאבעל, און וועלכער ערנעהרט זיך מייסטענס מיט זשאבעס, קליינע פישלעך א. אז. וו.

34. א, אויב ס׳ עקזיסטירען גייסטער אין דער לופט,

אין מיטעלאלטער האט מען געגלויבט, און פיעלע גלויבען נאך יעצט, אז פארשיעדענע, שלעכטע אדער גוטע, גייסטער שוועבען אין דער לופט צו פאראומגליקען אדער העלפען די מענשען, לויט זייער פארדיענסט.

געטהע האט אין זיין יוגענד אויך אין דעם געגלויבט.

35. א, ווען איך זאל א צויבער־מאַנטעל האבען.

אין דער שורה ווינשט זיך פאוסט דאס, וואס מעפיסטאפעלעס גיט איהם שפעטער, נאכדעם ווי ער מאכט מיט איהם דעם קאָנ־טראקט.

36. פון מעריב דרינגט דער שארפער גייסטערצאהן.

אין מיטעלאַלטער האט מען געגלויבט, אז די פיער ווינטען ווערן רעגיערט פון פיער טייוואלים. זייערע נעמען זיינען: ט י־פ א ר נ ו ס (דער נעבעל־ברענגער), א פ ל ע ט ו ס (דער אונערזעט־ליכער), פ י ל א ק ר ע ו ס (דער פלייש ליעבהאבער), און מ י א ס־ט א ר (דער באשמוצער).

* * *

מיט דעם „שארפער גייסטערצאהן" מיינט וואגנער איינעם פון די טייוואלים, וועלכער הערשט איבער דעם קאלטען מעריב־ווינד.

37. און פלאפלען ענגליש ווען זיי זאגען ליגען.

אזוי ווי ענגלאנד ווערט פאררעכענט פאר דעם לאנד פון „דזשענטעלמען" (אנשטענדיגע מענשען), הייסט עס דאך אז זיי זאגען קיין ליגען נישט, אבער ווען איינער וויל דאך זאגען ליגען, און זיך מאכען אז ער איז גאט די נשמה שולדיג, רעדט ער טאקע ענגליש, דאס הייסט די שפראך פון די „דזשענטעלמען", און זאגט אין דער זעלבער צייט א ליגען. ד. ה., ער באדעקט דעם ליגען מיט א מאנטעל פון אמת.

געטהע האט ווארשיינליך דערמיט געוואלט זאגען, אז א „דזשענטעלמען" קען אויך זאגען א ליגען.

38. און מיר דאכט אויך א פייערשטראַהל

יאגט זיך איהם פון הינטען נאך.

דער פייערשטראהל, גיט שוין דעם לעזער אדער צושויער, אנצו־הערעניש, אז דאס איז נישט קיין געוועהנליכער הונד, נאר עפעס א

גייסט, אדער גאר דער טייפעל אין דער געשטאלט פון א הונד. (ווייל פייער איז אויך דעם טייפעל׳ס עלעמענט).

* * *

אין זיין בוך „נאכטרעגע דער פארבענלעהרע“ באהויפטעט גע־טהע, וועלכער איז געווען איינער פון די בעסטע פארבענקענער, אז טונקעלקייט און ליכטיגקייט זענען אזוי נאהענט פארוואנדט, אז ווען א טונקעלע אדער ליכטיגע געשטאלט באוועגט זיך שנעל פאר די אויגען ביי א טונקעלעם שיין, זעהט מען אויגענבליקליך א מין נאך־שיין פון דעם געגענגעזעצטען קאליר. ער באהויפטעט, אז ער האט אליין געזעהן א ליכטשטראהל נאכיאגענדיג א הונד וועל־כער איז פאר זיין פענסטער, אין א ביז־השמשות, דורכגעלאפען.

39. פאר א שפעטערן בונד ארום אונז וועבט.

פאוסט האט א פארגעפיהל, אז דער פייערשטראהל איז א גייר־סטער־שנור, וואס קניפט איהם צענויף מיט דעם גייסט, וועלכער איז יעצט אין דער געשטאלט פון א פודעל, פאר א שפעטערן בונד.

שטודיערצימער.

דאס איז איינע פון די וואונדערבארסטע סצענען פון ערשטען טהייל פאוסט, ווייל זי צייגט ווי מייסטערהאפט געטהע האט פאר־שטאנען אויסצואוועבען, אויסצושפינען דאס געוועב פאר דער ענט־וויקלונג פון דער דראמא, וואו דער הונד מוז אננעמען די געשטאלט פון דעם גוטבעקאנטען מעפיסטאפעלעס.

שוין ביים ארייננקומען אין פאוסט׳ס שטודיערצימער, פיהלט זיך דער הונד נישט גוט, ווייל פאוסט גיט זיך יעצט אב מיט רע־ליגיאן, וואס דאס נאטירליך שמעקט נישט דעם הונד, און ער הויבט אן בילען און ארומשפרינגען ווי א געפאנגענער.

איבערהויפט, ווען פאוסט הויבט אן שטודירען די ביבעל, הויבט דער הונד גאר ארבייטען מעשים, און די הייליגע אומגעבונג טרייבט איהם דערצו אז ער מוז אנהויבען ענדערן זיין געשטאלט, ביז ענדליך פאוסט דערזעהט מיט וועמען ער האט דא צו טהון.

ער באשווערט דעם גייסט, מעפיסטאפעלעס ערשיינט מיט א שמייד־כעל אויף די ליפען, גלייך ווי גארנישט איהם מיינט מען. פאוסט דערזעהט פאר זיך א גייסט מיט וועמען ער קען זיך דורכרעדען ווי מיט זיין גלייכען, ניין, וועלכער שטעהט נאך אפשר נידריגער פון איהם, און ער צעלאכט זיך, ווי פון א גוטען וויץ, און הייסט מעפי־סטאפעלעס'ן איהם נאך אמאל באזוכען.

40. געשריבען שטעהט: „אין אנהויב איז געווען דאס וואָרט".

פאוסט, אנהויבענדיג צו שטודירען די ביבעל, ווערט שוין צעמישט גלייך אין אנהויב, ווען ער וויל פארשטעהן דעם ערשטען פסוק פון בראשית. דער געדאנקען־לויף איז גענומען פון היילינען יאהאן, אבער צום שלום קומט ער צו דער איבערצייגונג, אז אין אנהויב איז געווען די טהאט.

„בראשית ברא אלהים את השמים ואת הארץ".

אין אנהויב האט גאט באשאפען דעם הימעל און די ערד. און באשאפען הייסט טהאט.

41. אויב איך זאל מיט דיר דאס צימער טהיילען,

מחמת דער הונד קען נישט פארטראגען די היילינע ווערטער, רוהט ער נישט, בילט און וואיעט, און דאס שטערט פאוסט'ן אין זיין שטודירען.

42. איז שלמה'ס שליסעל גוט גענוג.

אין מיטעלאלטער האבען די אסטראלאגען, גלחים און סתם מכשפים, געגלויבט צו באזיצען א בוך מיט ערקלעהרונג און געוויסע פסוקים, מיט וועלכע מען קען צווינגען גייסטער זיי זאלען ערשיי־נען אום פון זיי אויסצוגעפינען סודות, און דאס בוך זאל האבען אנגעשריבען שלמה המלך, וועלכען זיי האבען געהאלטען פאר דעם גרעסטען מכשף וואס האט ווען עס איז געלעבט. דאס בוך הייסט אין לאטייניש: „קלאוויקולא סאלאמאנים". (שלמה'ס שליסעל). עס איז נאטירליך אז פאוסט זאל זיך דערמיט באנוצען.

אויך דער אידישער היסטאריקער יאזעפוס דערצעהלט, אז שלמה המלך האט געוואוסט ווי אזוי צו באשווערען גייסטער אז זיי זאלען ערשיינען, און נאך ביז היינטיגען טאג גלויבט מען אז שלמה המלך האט צו טהון געהאט מיט אשמדאי'ן, וועלכער האט איהם, שלמה'ן, שפעטער אנגעטהאן צרות.

## 43. גייסטער.

דאס זענען גייסטער וועלכע שטעהען אונטער מעפיסטאפעלעס'עס השגחה, און וועלכע זענען געקומען העלפען, אויב נעטהיג, זייער מייסטער צו באפרייען, וועלכער געפינט זיך איינגעשפארט ביי פאוסט'ען אין צימער ווי אין א תפיסה.

„גהינם־לוקס" מיינט דא א גהינם־גייסט. לוקס איז אזא מין שווארצע ווילדע קאץ מיט שרעקליך שארפע נעגעל.

## 44. געברויך דעם שפרוך איך פון די פיער.

דער „שפרוך פון די פיער" ווערט געברויכט פאר געוועהנליכע גייסטער: „סאלאמאנדערס" זענען פייער־גייסטער, „אונדענעס" — וואסער־גייסטער, „סילפעס" — לופט גייסטער און „קאבאלדס" אדער גנאמען — ערד־גייסטער.

פאוסט, מיינענדיג אז אין דעם הונד שטעקט איינער פון די דאזיגע גייסטער, באשווערט ער איהם מיט „דעם שפרוך פון די פיער". עס העלפט אבער נישט, באשווערט ער איהם כמעט מיט דעם זעלבען שפרוך נאר פארדרעהט וואס, ווי עס ווייזט אויס, האט א שטארקען עפעקט.

## 45. דאן זעה דעם צייכען.

פאוסט צלמ'ט זיך איבער, וויסענדיג אז די בייזע גייסטער שרעקען זיך דערפאר. אין דער ווייטערער שילדערונג וועט דער לעזער שוין פארשטעהן אז פאוסט ווייזט איהם דעם קריסטליכען צייכען, דעם צלם.

46. איך ברען מיט הייליגען פייער דיך.

דא מיינט מען נישט קיין ווירקליך פייער, נאר אזא מין שפּרוך וועלכער ברענט די גייסטער ווי הייליגער פייער, וועלכען זיי קע־נען נישט פארטראגען.

47. דעם דריימאל גליהענדעם ליכט.

פאוסט, וואהרשיינליך, ווייזט דעם בייזען גייסט דעם צייכען פון דער קריסטליכער דריי־איינינקייט: דער טאטע, דער זוהן און דער הייליגער גייסט, וועלכער ווערט פארגעשטעלט אלס א דריי־עק.

48. רייזענדער שקאלאסט.

אין מיטעלאלטער האבען עקזיסטירט סטודענטען (שקאלאסטען), וועלכע פלעגען ארומוואנדערן פון איין אוניווערזיטעט צו דער צווייטער, א לעבען מאכענדיג פון זייערע קענטניסע. די סטודענטען האט מען גערופען: „סקאלאסטיקום וואגאנס". ד. ה., וואגאבונדען־סטודענטען.

מעפיסטאפעלעס ערשיינט אין שפּאס אלס אזעלכער ווייל צו פאוסט'ען פלעגען אויך אזעלכע קומען.

49. א רייזענדער שקאלאסט? דער קאזוס מאכט מיך לאכען.

קאזוס מיינט צופאל, פאל. איך האב אומיסטנע געלאזען די מיטעלאלטערליכע פאוסט'ישע אויסדריקע, ערשטענס, ווייל יעדער איבערזעצער לאזט זיי; צווייטענס, כדי דער לעזער זאל קריגען דעם איינדרוק אז ער האט פאר זיך א געשטאלט פון א מיטעלאלטער־ליכען פראפעסאר.

50. א טהייל פון יענער קראפט.

אין זיין, מעפיסטאפעלעס'ס, ערקלעהרונג ווער ער איז, קען מען דייטליך זעהן דעם שונא פון ליכט, דעם „טהייל" פון יענער פינסטערניש, וועלכע איז אין אנהויב אלץ געווען. אלס צעשטע־רער פארדריעסט איהם וואס די וועלט איז באשאפען געווארן. זיין

באהויפטונג אז דאס ליכט שטראמט פון קערפערס, דורך קערפערס, און אז א קערפער קען דאס ליכט פארשטעלען, איז דורכאויס ווי־סענשאפטליך. ער האפט אויך, אלס צעשטערער, אז די קערפערס, ד. ה. אלץ וואס עקזיסטירט וועט אונטערגעהן, מיט זיי נאטירליך אויך דאס ליכט, און די פינסטערניש וועט בלייבען די איינציגע הערשעריז פון דער וועלט.

איך מאך דעם לעזער אויפמערקזאם די סצענע גאנץ גענוי צו שטודירען, ווייל דאס איז כמעט א ריין פילאזאפיש קאפיטעל אין דעם פאוסט לאבירינט.

„פליגענגאט“, „פארדארבער“, „ליגנער“, זענען העברעאישע נע־מען פון טייפעל.

51. וואלט איך פאר מיר גארנישט געווען געהאט.

דאס פייער איז, ווי שוין געזאגט, דעם טייפעל׳ס עלעמענט.

52. דאס פענטאגראמא ערגערט דיך ?

„פענטאגראמא“ איז א פינף־עקיגער שטערן וועלכער, לויט מען



האט געגלויבט אין מיטעלאלטער, האט געהאט די קראפט נישט צוצולאזען קיין שלעכע גייסטער צום הויז, ווי די אידישע מזוזה.

53. גייסטער.

דאס ליעד וואס די גייסטער זינגען איז איינע פון די שענסטע דייטשע וויגענליעדער, וועלכעס געטהע האט וואהרשיינליך אביסעל איבערגעארבייט.

* * *

מעפיסטאָפעלעס פאַרשטעהט, אַז אום פאוסט זאָל וועלען גע־ניעסען פון דער וועלט, דאַרף מען איהם, האַלבוועגס, עטוואָס פון די שעהנקייטען פון דער ערד ווייזען. דערפאַר הייסט ער די גייסטער איהם איינשלעפערן, און איהם מאַכען חלום'ען פאַרשיעדענע אָב־גערייסענע פאַרפיהרערישע שטיקער לעבען, וועלכע זאָלען אין איהם דערוועקען דעם פאַרלאַנג נאָך ערדישען געַנוס.

ווי דער לעזער וועט באַמערקען, שוועבען די בילדער דאָ אונ־קלאָהר, נעבעלדיג, ווי געזעהען דורך אַ שלייער. פון אַ פּאָעטישען שטאַנדפּונקט איז דאָס, אין אַריגינאַל, אַ וואונדערבאַר מייסטער־שטיק, וואָס איז, לויט ווי די גרעסטע פאוסט איבערזעצער און קריי־טיקער בעהויפּטען, כמעט אונמעגליך פאַלקאָם צו איבערזעצען. איך האָב געטהאָן דאָס בעסטע וואָס איך האָב געקענט.

54. שפּראַצענדע ראַנקען.

דער לעזער האָט וואָהרשיינליך פריהער באַמערקט דאָס וואָרט „לויבע", וואָס הייסט אַ גאַרטען־שטיבעל. איך האָב מיר ער־לויבט דאָס וואָרט, ווי מעהרערע אַנדערע ווערטער, אַריינצוברענגען אין אונזער מאַמע לשון, איינפאַך דערפאַר ווייל אַזעלכע ווערטער פעהלען אין אידיש. „ראַנקען" הייסט די שטענגעלעך אויף וועלכע עס וואַקסען מאַרגענבלומען, בעבלאָך און אַנדערע בלומען און פּלאַנ־צונגען, און וועלכע דרעהען זיך אַרום שטעקלעך אָדער שנירלעך, ווי מען וויל. אַזעלכע בלומען פּלאַנצט מען איבערהויפּט אַרום לויבעס.

55. נאָך איין ביס און ס'איז גענוג.

ווען די מויז וועט אָבגריזשען אַ שטיקעל פון דעם פּענטאַגראַמאַ, וועט שוין גענוג זיין איהם, מעפיסטאָפעלעס'ען, צו באַפרייען.

56. שטודיערצימער.

אין דער סצענע זעהען מיר שוין מעפיסטאָפעלעס'ען ווי ער פאַרהאַנדעלט מיט פאוסט'ען וועגען זיין נשמה, און איז שוין פיסס

און פארטיג זיך צו שטעלען אין דיענסט ביי פאוסט'ן, איהם צו געבען אלע ערדישע פארגעניגענס. ד. ה. מעפיסטאפעלעס הויבט אן אויסצופיהרען זיין ארבייט, אראבצופיהרען פאוסט'ן פון דרך הישר, לויט זיין וועט מיט גאט.

פאוסט נעמט דאס אין אנהויב נישט ערנסט, דערנאך אבער פארליערט ער די געדולד, מאכט זיך הארץ און נעמט אן דעם וועט. דא פאנגט אן דער קאמפף צווישען ליכט און פינסטערניש, פאר־ניכטעו און שאפען, גוט און שלעכט, מענש און טייפעל, מיט גאט אלס צושויער ווער וועמען וועט באזיעגען.

די ווערטער וואס פאוסט רופט אויס פארצווייפעלט:

„אין יעדען קלייד וועל איך די פיין
„פון ענגען ערדענלעבען פיהלען".

ד. ה. אז פאר איהם איז שוין קיין גליק נישטא, דערמאנט אין איוב'ן, וועלכער רופט אויס מיט וועהטאג:

„כי אמרתי תנחמני ערשי ישא בשיחי משכבי. וחתתני בחלמות ומחזיונות תבעתני. ותבחר מחנק נפשי מות מעצמותי".

ווען איך זאג, מיין בעט זאל מיך טרייסטען, און מיין געלעגער מיין קלאגען פערטראגען, דערשרעקסט דו מיך מיט חלמות און מיט געשטאלטען באענגסטיגסט דו מיך, דאן וועהלט אויס מיין קער־פער ערשטיקונג דעם טויט איידער מיינע ביינער (איוב, ז. 13, 14, 15).

## 57. גייסטער־כאר.

אזוי ווי פאוסט הויבט אן שעלטען, אפילו זיינע אונשולדיגע קינדער־יאהרען, האט ער זיך, נישט ווילענדיג איבערגעגעבען צו מעפיסטאפעלעס'ן. דער גייסטער־כאר באשטעהט פון גוטע גייסטער, וועלכע באוויינען דעם פאל פון פאוסט, וועלכער האט זיך אזוי

הארצרייסענדיג אבגעריסען פון דער וועלט פון גוטען און זיך איבער־געגעבען דער וועלט פון שלעכטען, דעם נישט־גוטען. זיי בעטען איהם אנצוהויבען א ניי לעבען, אויפבויען א שענערע וועלט אין זיין ברוסט, א וועלט וועלכע פיהרט צו הויכען שטרעבען, צו שאפען, צו גוטען, און נייע ליעדער וועלען קלינגען. מעפיסטאפעלעס אבער רופט די גייסטער די זייניגע, און דערצעהלט פאוסט'ען אז דאס רופען זיי איהם צו געניעסען דאס לעבען, און אזוי כאפט ער אריין פאוסט'ען צו שליעסען דעם קאנטראקט.

58. איך וועל נאך היינט, ביים דאקטאר־פעסט.

מעפיסטאפעלעס מיינט א פעסט וואס מען מאכט ווען מען נעמט דעם טיטעל דאקטאר.

59. מיקראקאסמוס.

זעה ערקלעהרונג 11.

60. ווען 'ך קען באצאהלען יאגערס זעקס,

איך געברויך דאס ווארט „יאגערס“ פאר פערד, ווייל דאס ענטשפרעכט די שנעלקייט מיט וואס א טייפעל יאגט זיך.

61. צוערשט באזוכט דעם קאלעדזשיום לאדזשיקום.

„קאלעדזשיום לאדזשיקום“ איז די אבטהיילונג אין א אוניווער־זיטעט וואו מען לערנט לאגיק.

די סצענע מיט דעם שילער איז א מוסטערהאפטע איראני, אויף דער סיסטעם ווי אזוי מען לערנט אין די אוניווערזיטע־טען.

62. ווי אין שפאנישע שטיוועל איינגעשנירט.

די „שפאנישע שטיוועל“ זענען געווען מארטער אינסטרומענטען וועלכע מען האט באנוצט אין דער שפאנישער אינקוויזיציאן. דאס

זענען געווען צוויי אייזערנע קעסטלעך, אין וועלכע מען האט אריינ־געשטעלט דעם קרבן'ס פיס, ארייגעקלאפט קלינעס צווישען איי־זען און די פיס, ביז זיי זענען צעקוועטש געווארען.

63. „ענקעירעסין נאטורע" רופט עס די כעמי.

„ענקעירעסין נאטורע", הייסט דאס אונטערזוכען פון דער נא־טור. געטהע לאכט דא אפ פון די יעניגע וועלכע ווילען אויסגעפינען וואס לעבען איז, צעטהיילענדיג די חיה אויף שטיקלעך, און די ענדע איז, אז מיט דעם צעטהיילען גופא טרייבען זיי דאס לעבען ארויס און בלייבען מיט טויטע טהיילען, אנשטאט מיט א לעבעדיגער חיה.

64. „ערימיס סיקוט דועס, סציענטעס באנום עט מאלום".

דער פסוק איז גענומען פון א לאטיינישער איבערזעצונג פון דער ביבעל, וועלכער איז בלויז א העלפט פון דער שלאנגס צוזאג חוה'ן אויב זי וועט עסען פון דעם עץ הדעת:

„והייתם כאלהים ידעי טוב ורע".

און איהר וועט זיין ווי גאט און וויסען וואס איז גוט און שלעכט. (בראשית ג. 5).

65. אוערבאך'ס קעלער.

אוערבאך'ס וויין־קעלער אין לייפציג קען מען נאך היינט אויך באזוכען, וואו מען איז אין דער דערמאהנטער שטאדט. ער איז אין דער גרימאנישע שטראססע, נומ. 1, נעבען מארקפלאץ.

* * *

מאנכע שרייבער, וועלכע האבען געלעבט כמעט אין דער זעל־בער צייט מיט דעם היסטארישען פאוסט, דערצעהלען, אז אין דעם קעלער האט ער, פאוסט, געוויזען מעהרערע שווארץ־קונסטשטיק, כמעט די זעלבע וואס מעפיסטאפעלעס איז דער פארליגענדער דרא־מא. געטהע האט פערשטאנען אז דאס פאסט בעסער פאר דעם טייפעל, און פאוסט איז דא בלויז א צושויער.

אויף די ווענט פון דעם דערמאָנטען קעלער זענען נאָך היינט פאראַן צוויי בילדער, געמאָלען, ווי מאַנכע ווילען האַבען, אין דער צייט וועמען פאוסט האָט געלעבט. די בילדער ציינען ווירקליך ווי פאוסט מאכט די דערמאָנטע קונסטשטיק און ווי ער פליהט אין דער לופט, רייטענדיג אויף א פאס.

66. איהר ווייסט דאך וועלכע מעלות דעם מאן בעשטימען און דערהעבען.

געטהע האָט דאָ אין זינען געהאט די פאמיליע ב אַ ר ד ז ש י א, וועלכע האָט געלעבט אין ענדע פון 15טען און אין אַנפאַנג פון 16טען יאהרהונדערט, און וועלכע האָט זיך באריהמט געמאכט דורך א ריי־הע פון מאָרדען פון פאָליטישע געגנער, און דורך שוידערהאפטער פאַרדאָרבענקייט. פאפסט אַלעקסאנדער דער 6טער איז געוועזען א מיטגליעד פון דער דאַזיגער פאמיליע און האָט געהאט א גע־שלעכטליכען פאַרקעהר מיט זיין אייגענער שוועסטער.

67. האט איהר מיט הערר האַנס ריפּפּאַך ביינאַכט געשפּייזט?

ר י פּ פּ אַ ך איז די לעצטע סטאנציאָן פאר לייפּציג. „האַנס פאַן ריפּפּאַך", האַבען די סטודענטען אין מיטעלאַלטער באצייכענט א גראָבען יונג. פ ר אָ ש וויל דאָ פאוסט'ען און מעפיסטאָפעלעס'ן גע־בען אָנצוהערעניש אז ער האַלט זיי פאר נישט קיין גרויסע מיוחסים.

* * *

דאָס „ליעד פון דעם פלוי" וואָס מעפיסטאָפעלעס זינגט איז איינע פון די שניידענסטע סאטירעס אויף איינעם וועלכער ווערט דער ליעבלינג פון א קעניג, און מיינט אז די גאַנצע וועלט דאַרף ליידען פון איהם און פון זיין משפחה.

68. געהאַט א גרויסען שטערן.

„דער גרויסער שטערן" איז א מעדאַל אין דער פאָרם פון א שטערן באזעצט מיט טהייערע שטיינער, וואָס דער דייטשער קעניג גיט דעם וועלכער איז נושא חן ביי איהם.

69. מכשפה׳ס קיך.

די סצענע, א חוץ וואס זי נוצט פאר דעם האקוספאקוס צו פארויגנגען פאוסט׳ן און איניגע סאטירישע באמערקונגען, איז, ווי געטהע אליין האט באהויפטעט, נישט מעהר ווי א נאריש־קאמישע סצענע און מען דארף דארט נישט זוכען קיין באהאלטענע הינטער געדאנקען.

אין זיין יוגענד האט געטהע אליין, אויף שפאס, ליעב געהאט אויסצומישען פארשיעדענע געגענגעזעצטע געדאנקען, כדי מען זאל מיינען אז ער זאגט ווער וויים וואס פאר א טיעפען גדאנק.

70. מיר קאכען דינע בעטלער זופען.

יעדער איינער פארשטעהט וואס פאר א זופען מען קאכט פאר בעטלערס אין צדקה־קיכען: שיטערע, וואסערדיגע אהן טעם און אהן ריח.

אבער פון געטהע׳ס א באמערקונג צו זיינעם א פריינד זעהט מען אז ער האט געמיינט אבצולאכען פון מאנכע שרייבער וועמעס שריפטען עס זענען געווען זעהר „וואסערדיג“.

71. וואלסט דו געווען דער גנב וואלט איך דיך גלייך דערקענט.

דער גלויבען אז דורך א זיפ קען מען טרעפען פארשיעדענע סודות איז שוין אן אלטער.

א מיטעלאלטערליכער איטאליענישער שרייבער דערצעהלט אזא מעשה׳לע: ביי א איינגעל האט מען צוגע׳גנב׳עט א מאנטעל. ווע־לענדיג אויסגעפינען ווער דער גנב איז, האט מען אויפגעהאנגען א זיפ אויף א צווייג פון א בוים, און איינער האט אויסגערופען: אין נאמען פון די הייליגע פעטער און פאול, האט נישט דער און דער צוגע׳גנב׳עט דעם מאנטעל? אזוי האט ער געפרעגט מעהרערע מאל, יעדעס מאל אנרופענדיג אן אנדער נאמען, ביז ענדליך אויס־

רופענדיג דעם נאמען פלאוויוס, האט זיך די זיפ אנגעהויבען דרע־
הען, און אזוי האט מען אויסגעפונען ווער דער גנב איז.

אין מיטעלאלטער האבען זיך די מכשפות אין דייטשלאנד בא־
נוצט מיט דער זיפ פאר פארשיעדענע אזעלכע צוועקען.

72. וואס זעה איך? וואס פאר א הימליש בילד.

מאנכע מפרשים דענקען אז פאוסט זעהט אין שפיגעל מארגא־
רעטען אדער די באריהמטע גריכישע שעהנקייט, העלענא, וועלכע
ער באגעגענט אין צווייטען טהייל, דאס איז אבער א טעות. מעפי־
סטאפעלעס צייגט איהם בלויז די שעהנסטע פארם פון פרויען
שעהנקייט אום איהם אויפצורייצען. זיין אויסרוף: „איז עס מעג־
ליך? איז דאס וויב ׳זוי שעהן?״ ווייזט דאס גאנץ קלאהר. ווייי־
טערע ערקלעהרונגען וועגען דעם זענען איבריג.

מיר הערען און גראמען.

דא האט געטהע אויך געמיינט אבצולאכען פון געוויסע פא־
עטען וועלכע זענען איבערגליקליך ווען זיי געלינגט א גראם, אבער
טאקע נישט מעהר ווי א גראם. דאס ווייזט אויך מעפיסטאפע־
לעס׳עס באמערקונג: „אז זיי זענען עהרליכע פאעטען״.

די קרויז וואס די מאלפעס ברענגען מעפיסטאפעלעס׳ן, איז א
צעשפאלטענע, און זיי בעטען איהם זי צענויפלאמען מיט שוויים
און בלוט, ווי אמת׳ע מאנארכען טהוען, מיט דעם שוויים און בלוט
פון „זייער״ פאלק.

74. עס איז שוין לאנג אין די מעשה׳לעך געשריבען.

דער געשפרעך צווישען מעפיסטאפעלעס און די מכשפה איז
פול מיט סאטירישע באמערקונגען: ווי אזוי דאס פאלק שטעלט
זיך געוועהנליך פאר דעם טייפעל, מיט הערנער, קאפיטעס, שוואר־
צע ראבען און אנדערע כלי זין. אויב די מענשען, זאגט מעפיסטא־
פעלעס, זענען פטור געווארען פון דעם ניש ט־גוטען, זענען

אבער די נישט־גוטע דאַך געבליבען. און מיט מעפיסטאָפע־לעס'עם באהויפּטונג אַז ער איז אַ באַראָן מאַכט געטהע חוזק פון דער זאַגענאַנטער אַריסטאָקראַטי.

75. געגנוג שוין אונפּאַרגלייכליכע סיבילע.

סיבילע איז אַ מין סאָרט מכשפה.
מעפיסטאָפעלעס לאַכט דאָ אָפּ פון דער מכשפה'ס „האָקוס־פּאָקוס".

76. אַ גאַס.

אין דער סצענע, וואו עס פאַנגט אַן די ליעבע צווישען פאוסט און מארגארעטע, און וועלכע געטהע האַט אריינגעוועבט אין זיין גע־ניאלען פאוסט געוועב, געפינען זיך די וואונדערבארסטע, צארטעסטע ליעבע־פעדעם וואָס מען קען זיך פאַרשטעלען. נעבען שיר השירים איז דאָס די שטאַרקסטע ליעבע שילדערונג כמעט פון דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור.

מארגארעטע, וועלכע איז כמעט אין גאַנצען גענומען גע־וואָרן פון אַ ווירקליכער פּערזאָן, לויט געטהע'ס אייגענער באהויפּ־טונג, און וועלכע ער האַט אין זיין יוגענד געליעבט מיט דעם גאַנ־צען פייער פון זיין פּאָעטישער נשמה איז איינע פון די ליעבליכסטע. אונשולדיגסטע, דאָך שטאַרקסטע און מערקווירדיגסטע פרויען טי־פּען וואָס אַ דיכטער האַט ווען עס איז באשאַפען.

מארגארעטע, אַזוי ווי שולמית, איז נאַאיוו, אונשולדיג־ליידענ־שאַפטליך אין איהר ליעבע צו דעם מאַן, וועמען זי האַט איהר האַרץ, איהרע געדאַנקען, איהר נשמה, איהר אַלעס אַוועקגעגעבען. אפילו מעפיסטאָפעלעס, דער פאַרניינונגס־גייסט מוז זי באוואונ־דערן!

וואָס איז אַ מאַרגאַרעטע אָדער אַ שולמית נישט אימשטאַנד צו טהון פאַר איהר געליעבטען? אַזעלכע פרויען ווייסען בלויז איין זאַך: זיך אונשולדיג, בלינד איבערגעבען דעם געליעבטען מיט דעם גאַנצען פייער און ליידענשאַפט פון זייער ליעבענדיג האַרץ, נישט נאַכפרעגענדיג, נאַכקלעהרענדיג; וואָס וועט זיין? זייער איינציי־

נער פארלאנג איז אז מען זאל זיי ליעבען; אין ערגסטען פאל פון זיי באטש א טראכט טהון.

דריי מארדען ווערען דורך דער ליעבע באגאנגען; איהר מוטער, איהר ברודער און איהר קינד, די פרוכט פון איהר אונגליקליכער ליעבע. אבער די ליעבע איז מעכטיגער פון ליידען און טויט, זי בלייבט גאנץ, אונבאריהרט! אפילו אין איהר משוגעת, וואס איז אויך דורך דער ליעבע ארויסגעקומען, איז איהר ליעבע אויף א האר נישט געמינדערט געווארן, איהר לעבען הענגט אויף א האר, אבער דעם געליעבטען הייסט זי זיך רעטען; ווי קען זי צולאזען עס זאל עטוואס געשעהן דעם מאן וואס זי ליעבט? זי שטארבט מיט דעם נאמען פון איהר געליעבטען אויף די ליפען, וואס קלינגט פאר איהר ווי א צארטע איינשלעפערענדיגע מעלאדי.

77. מיין ליעבער האר לויבזיכאליין.

דאסווארט לויבזיכאליין איז אין דייטש „לאבעזאן“ און ווי מיר שיינט איז דאס כמעט די נאהענטסטע איבערזעצונג. כמעט יעדער איבערזעצער איבערזעצט דאס אנדערש; איינער אלס „ערציהער“ אז אנדערער „פעדאנט“, א. אז. וו.

78. ווי ס'ווערט דערצעהלט אין איטאליענישע געשיכטען.

געטהע האט דא אודאי געמיינט דעם „דעקאמעראן“, א זאמלונג, נישט זעהר מאראלישע, ליעבע מעשה'לעך פון דעם באריהמטען איטאליענישען דיכטער באקאטשיא.

דאס ווארט „ברימבאריום“ וועלכעס אלע איבערזעצער לאזען איבער ווי געטהע האט דאס געשאפען, מיינט, ווי מען וואלט געזאגט אין אידיש „דורך אלערליי פוילע שטיק“.

79. אבענד.

פאוסט, ווי מיר ווייסען, איז צו מארגארעטע'ן געקומען נישט מיט קיין צנוע'דיגער אבזיכט, אבער נאך מעפיסטאפעלעס'עס אוועקגעהן, און דורך דער הייליגער רוהיגער ציכטיגער שטילקייט וואס

הערשט אין דעם צימער, ווערט ער, פאוסט, גאר אן אנדער מענש, און די צארטעסטע געפיהלען איבערוועלטיגען איהם.

* * *

אין דעם זאץ: „זעהנען מיר א שפיעל פון דרוק און לופט?“ זעהט מען אז עס איז די אומגעבונג וועלכע ווירקט אויף איהם צו גוטען. עס הייסט, אז געטהע אליין האט געגלויבט אז מיר ענדערן זיך אונטער דעם דרוק פון אומגעבונג, וואס איז, אין אלגעמיין, א גרויסער אמת.

דאס ליעד „געוועזן איז א קעניג אין טהולע“ האב איך, ביי מיין בעסטען ווילען, נישט איבערזעצען מיט גראמען, ווייל דאס ליעד וואלט א סך אנגעוואוירען פון דער אריגינעלער אונשול־דיגער פאלקסטימליכקייט אין וועלכער דער דיכטער האט עס געשאפען. דערפאר האב איך עס בעסער געלאזט אין „ווייסע“ פערזען.

80. שפאציערגאנג.

עס איז ווערטה דעם לעזער אויפמערקזאם צו מאכען אויף דער שניידענדער סאטירע וועגען דער קירכע און גלחים.

81. דער שכנ'טעס הויז.

דאס וויכטיגסטע אין דער סצענע, אויסער נאטירליך דער ענט־וויקלונג פון דער דראמא, איז דער נייער כאראקטער פון פרוי מארטהא. ביי דעם לעזער קען קיין צווייפעל נישט זיין וואס פאר א כאראקטער די פרוי איז, וואס פאר א פלאץ זי פארנעמט אין דער דראמא, און וואס געטהע האט מיט דעם כאראקטער געמיינט צו שילדערן.

82. איהר זאלט פאר איהם דריי־הונדערט מעסען לאזען זינגען.

„מעסע“ איז ביי די קריסטען אזא מין געבעט פאר די טויטע.

83. גאס.

אין דער סצענע זעהען מיר ווי מעפיסטאפעלעס קריגט אלץ מעהר די אויבערהאנד איבער פאוסט'ן, און מארגארעטע וועט אויך

באלד, כאטש אינדירעקט, אנהויבען זינקען, אבוואהל איהר נשמה וועט בלייבען ריין און אונשולדיג ווי פון אן ערשט געבוירען קינד.

אין דעם זאץ: „ווייל דו ביזט גערעכט, אודאי ווייל איך מוז", זעהט מען, אז פאוסט קען זיך שוין אהן מעפיסטאפעלעס'עס הילף נישט באגעהן.

## 84. גארטען.

איך וויל דעם לעזער אויפמערקזאם מאכען אויף די צוויי פאר־לעך, וואס פאר א געוואלטיגער אונטערשיעד צווישען זיי איז. אויך זעהען מיר אין דער סצענע די פרוי מארטהא אין איהר אמת'ער אבשייליכער געשטאלט.

* * *

געוועהנליך, ווען נאאיווע מיידלעך זיינען פארליעבט, ווילען זיי דאך וויסען צי דער געליעבטער האט זיי אויך ליעב, רייסען זיי אב א „שטערן־בלום", צופען אוים די בלעטלעך איינציגווייז, און מור־מלען דאס זעלבע וואס מארגארעטע מורמעלט. קומט אוים ביים לעצטען בלעטעל „יא" איז גוט, טאמער אבער „ניין", איז גרויסע צרות.

אויך קען מען דא באמערקען די ענדערונג פון פאוסט'ן ווען ער רעדט מיט מעפיסטאפעלעס'ן וועגען באזיצען מארגארעטע'ן, און ווען ער רעדט מיט איהר אליין. און איןביידע פעלע רעדט ער וואס ער פיהלט.

## 85. וואלד און העהל.

דער לעזער וועט זיך אביסעל מוזען אנשטרענגען מיט דער קורצער סצענע, ווייל איך האב פרוביערט, ווי ווייט מעגליך, צו לא־זען געטהע'ס אויסדריקע.

אויך זעהט מען דא ווי פאוסט צאפעלט זיך אין מעפיסטאפע־לעס'עס נעץ.

* * *

דער זאץ: פאר דעם צווילינג פאר וואס צווישען רויזען פא־שעט" דערמאנט אין שלמה המלך'ס אויסרוף: „שני שדיך כשני

עפרים תאומי צביה הרעים בשושנים" — דיינע צוויי בריסטען זענען ווי צוויי הערשעלעך, א צווילינג פון א גאַצעלע (הירשען־ווייב) וואָס פאַשעט צווישען ליליען (שיר השירים, ד' 5).

* * *

דאָס ליעד וואָס מאַרגאַרעטע זינגט ביי דעם שפּינראַד, איז איינע פון די שענסטע נאַאיוו־פּאַטהעטישסטע ליעדער אין דער וועלט ליטעראַטור.

### 86. מאַרטהע'ס גאַרטען.

אין דער סצענע וואו פאוסט ערקלעהרט מאַרגאַרעטע'ן זיינע אנזיכטען וועגען רעליגיאָן, איז עס געטהע אליין וועלכער רעדט. געטהע האָט נישט נאָר געגלויבט אַז מען דאַרף זיין טאָלעראַנט, נאָר אַז מען דאַרף רעספּעקטירען יעדע פאָרם פון רעליגיאָן.

### 87. דער דאָקטאָר איז געוואָרן גוט קאַטעכיזירט.

„קאַטעכיזירט" הייסט שטעלען פראַגען, איבערהויפּט ביי שטעלען רעליגיעזע פראַגען. אזוי ווי די אידען האָבען נישט קיין קאַטעכיזמוס, דערפאַר מוז מען געברויכען דאָס קריסטליכע וואָרט.

### 88. ביים ברונען.

אין דער סצענע ווערן מיר צום ערשטען מאָל געוואָהר אַז גרעטכען טראָגט אונטערן הארצען די פרוכט פון איהר ליעבע.

עס ווייזט אויס אַז איהר מוטער איז שוין געשטאָרבען, וואָהרשיינליך פון דעם שלאָף געטראַנק וואָס פאוסט האָט איהר געגעבען, און וואָס איז געוועזן צוגעגרייט פון מעפיסטאָפעלעס און מאַרגאַרעטע פיהרט זייט דאַן א שטיל איינזאַם לעבען. די גראָבע שפּראַך וואָס ליעסכען געברויכט ביים דערצעהלען וואָס מיט בערבעלכען איז געשעהן און וואָס זי וועט ליידען דערפאַר, מאַכט דעם לעזער פיהלען וואָס עס ערוואַרטעט מאַרגאַרעטע'ן, ווען מען וועט זיך פון איהר שאַנד דערוויסען.

89. אין זינדער־העמדעל תשובה טהאָן אין קירך.

ווען א מיידעל האט געזינדיגט, ווי דער פאל מיט מארגארעטע'ן, פלעגט זי מוזען קומען אין קירך, אנטהאָן אזא מין העמדעל, וואס מען האט גערופען „זינדער־העמדעל“ און פאר דעם גאנצען עולם מתודאי זיין אויף איהר זינד. דערנאך האט איהר דער גלח מוחל געווען. טאמער האט אז אונעהרליך מיידעל חתונה געהאט, אפילו מיט איהר פארפיהרער, האבען איהר די אינגלעך דאס קרענצעל פון קאפ אראבגעריסען און איהר אנגעטהאָן א קרענצעל פון שטרוי און ביי נאכט האט מען פאר איהר טהיר געהאקט שטרוי אוועקגע־לעגט אלס א צייכען פון אונארענטליכקייט.

90. צווינגער.

„צווינגער“ מיינט דער צווישען־פלאץ פון א שטאדט־וואנד און א וואנד פון א קרעפאסט. אויך א צווישען־פלאץ פון צוויי הייזער. אין דער וואנד איז איינגעמויערט א הייליג בילד פון דער „מאטער דאלאראזא“ (די טרויערענדיגע מאמע יעזוס'עס), און מארגארעטע בעט זי, זי זאל זי רעטען.

דאס געבעט איז זיין וואונדערבארער, הארצברעכענדער איינ־פאכקייט איז א מייסטער שטיק.

91. נאכט.

אום מארגארעטע'ס אונגליק זאל נאך גרעסער זיין, מאכט מע־פיסטאפעלעס אז פאוסט זאל דער'הרג'ענען איהר ברודער וואַ־לענטין און ער, פאוסט, זאל מוזען די שטאדט פארלאזען אום זיך פון דער תליה צו רעטען, איבערלאזענדיג די אונגליקליכע מאר־גארעטע אליין מיט איהר אונערטרעגליכען צער.

92. ווי פון דעם פענסטער פון דער סאקריסטיי דארט.

„סאקריסטיי“ איז דאס צימער וואו עס ליגען די סאקראמענטען (די הייליגע זאכען) פון א קלויסטער, וואו עס ברענט א נר תמיד,

וועמענס שוואכער שיין עס דרינגט ארויס איז גאס און מאכט אז אונהיימליכען איינדרוק.

* * *

דאס פייערל וואס פאוסט זעהט שימערן, איז אן „אוצר פייערל“. נאך יעצט זענען פאראן מענשען וואס גלויבען אז אין דער ערד זענען אוצרות פאראן, וועלכע ערשיינען אלע זיעבען יאהר אויף דער אויבערפלעכע פון דער ערד, און אז ווען מען נעמט זיי נישט ארויס פארזינקען זיי צוריק, אום אין זיעבען יאהר וויעדער אמאל צו ערשיינען. געוועהנליך ליגט דער אוצר אין א קעסעל.

93. שעהנע לייבענטהאלערס זענען דארט פאראן.

א „לייבענטהאלער“ איז געוועזן א דייטשע מטבע וואס האט געהאט דעם ווערטה פון אונגעפעהר יעצטיגע 3 מארק און א האלב.

94. דאם.

„דאם“ איז אזא מין גרויסער קלויסטער.

דער לעזער וועט פארשטעהן אז דער „בייזער גייסט“ איז מאר־נארעטע'ס איינענער געוויסען וועלכער פלאגט זי.

* * *

די לאטיינישע שורות זענען פון א געבעט וואס מען זינגט פאר די טויטע, אין וועלכע עס ווערט דערצעהלט וועגען דעם לעצטען געריכט, ווען גאט אליין וועט משפט'ען די וועלט.

דיעס אירע, דיעס איללא<br>
סאלוועט סאלקום אין פאווילא.

קומט דער טאג פון צארן,<br>
דאן זאל פייער די וועלט פארניכטען.

יודקעס ערגאָ קום סעדעביט,
קוואידקוואיד לאטעט, אדפּארעביט.
ניל איינולטום, רעמאַנעביט.

און עס וועט דער ריכטער זיצען,
דאָס פארבארגענע ערשיינען וועט,
גארנישט אונבאשטראפט וועט בלייבען.

קוואיד סום מיזער טונק דיקטורום?
קועם פּאטראָנום ראגאטורוס,
קום וויקס יוסטוס סיט סעקורוס?

וואָס זאָל זינדיגער איך זאגען?
ווער קען יעצט מיר העלפען,
ווען דער גערעכטער איז קוים זיכער?

קוואיד סום מיזער טונק דיקטורום?

וואָס זאָל זינדיגער איך זאגען?

* * *

דאָס פלעשעל וואָס מארגארעטע בעט ביי איהר שכנ'טע, איז וואהרשיינליך מיט אזא טראפּען זיך צו שטארקען.

## 95. וואַלפּורגיסנאַכט.

די „וואלפּורגיסנאכט“ איז די נאכט פון דעם 30טען אפּריל אויף דעם ערשטען מאַי.

די נאכט ווערט גערופען נאך דעם נאמען פון א געוויסער נאָנע (הייליגע שוועסטער) וואַלפּורגאַ, א שוועסטער פון צוויי הייליגע, וועלכע איז אנטלאָפען פון ענגלאנד, און נאך איהר טויט איז זי געווארן איינע פון די פּאָפּולערסטע הייליגע. דער ערשטער מאַי וועלכער איז וואלפּורגאס טאָג, לויט דעם קריסטליכען לוח, איז אויך געווען דער טאג ווען מאַנכע אלטע געצענדיענערישע סעקטעס האבען געפייערט א יום־טוב, ברענגענדיג קרבנות, און אנ־

געצונדען הייליגע מאַי־פייערן. אבער אזוי ווי זייערע געטער זענען ביי זייערע קריסטליכע נאכפאָלגער געווארען טייוואלים, איז דער אבערגלויבען געוואקסען, און דאס פאָלק האט אנגעהויבען גלויבען אז אין דער זעלבער נאכט, ווען מען פייערט וואלפורגאס ערינע־רונג, קומען זיך אויף די בערג צונויף פארשיעדענע מכשפים, מכשפות, טייוואלים און אזוי בייזע גייסטער.

דער דערמאנטער אבערגלויבען איז נאך פארשטארקט געווארן דערמיט, וואס די געצענדיענער, ווערענדיג אלץ ווייניגער און ווייני־גער האבען, אוים מורא פאר די קריסטען, אנגעהויבען פראווען זיי־ערע צערעמאניעס ביי נאכט.

* * *

די הארצבערג זענען א רייהע בערג וועלכע ציהען זיך דורך זאקסען, האנאווער און ברונשוויג, צווישען די שטראמען עלבע און וועסער. דער העכסטער בארג ברא קען איז 3.8000 פוס הויך.

שירקע און עלענד זענען צוויי דערפלעך אויף און צווישען די בערג.

היינריך היינע האט אין זיינע „רייזעבילדער“ אם שעהנסטען געשילדערט די הארצבערג.

96. איילע קיביץ און דער העהער,

דאס זענען אזעלכע פייגעל, וואס האבען א שייכות מיט מכשפות.

97. שטרעקען זיי פאליפען־פעדעם.

„פאליפוס“ הייסט א געוויקס.

פאליפען־פעדעם, מיינט די ביימער־ווארצלען וואס סטארטשען ארוים פון דער ערד, כדי דער וואנדערער זאל פאלען. אויך אז אבערגלויבען.

98. האר אוריאַן זיצט אויבען דארט.

מיט דעםווארט „אוריאן“ פלעגט מען זיך באנוצען, ווען מען האט נישט געוואלט דערמאנען אימיצענס נאמען, דערפאר אנשטאט צו זאגען טייפעל, פלעגט מען זאגען „אוריאן“, ווי איז אידיש, צ. ב., „דער נישט־דא־געדאכטער“.

99. די אַלטע באַובא קומט אַן.

לויט דער גריכישער מיטהאלאגי איז באובא געווען די אם פון צערעס (די געטין פון ווייץ, קארן, א. אז. וו.) וועלכע, נאכ־דעם ווי זי האט פארלוירען איהר געליעבטען פערספאנע, איז זי פארזונקען געווארען אין טיעפען טרויער. באובא האט דאן, דורך פארשיעדענע אויסגעלאסענע שמוציג־קאמישע מעשה'לעך געמאכט די געטין צו לאכען.

געטהע האט ליעב געהאט זיך צו באנוצען מיט דעם נאמען באובא, ווען ער האט געוואלט באצייכענען אן אויסגעלאסענע לי־דערליכע פרוי.

100. מאַכט טויזענד שריט דאס ווייב פארוים.

ד. ה. די פרוי זינקט גיכער פון דעם מאן.

אין א געשפרעך האט געטהע אמאל באמערקט: „ווען א פרוי געהט פון גלייכען וועג אראב, געהט זי שוין ווייטער, בלינדערהייט, נישט נאכדענקענדיג פון די פאלגען פון שלעכטיגקייט; און א מאן, וועלכער געהט אויף דעם שלעכטען וועג, קען איהר נישט נאכהאל־טען, ווייל זיין געוויסען האלט איהם צוריק, וועהרענד זי לאזט די נאטור ארבייטען אונבאגרענעצט“.

101. דאך זענען מיר עביג אונפרוכטבאר.

דא מיינט געטהע געוויסע קריטיקער וועלכע קענען, ביי זייער בעסטען ווילען, אליין גארנישט פראדוציערען.

102. איך קלעטער שוין דרייהונדערט יאהר.

מאנכע מפרשים באהויפטען, אז דא מיינט געטהע די וויסענ־שאפט וועלכע קלעטערט קעמפפענדיג שוין דרייהונדערט יאהר מיט

דער פינסטערער מאכט פון דער קירכע און פעראנטישער שול־סיסטעם, און קען זיך דורכדעם נישט ענטוויקלען.

103. און קום דא אויך דאך נישט דערצו.

דא מיינט געטהע די זאגענאנטע שרייבערלעך און פאעטלעך, וועלכע הינקען נאך די גרויסע, און קענען נישט רוהען ווייל זיי ווילען ארויף צו דער דיכטער־הויכקייט און קענען נעבעך נישט.

* * *

„וואלאנד" איז אן אנדער נאמען פון דעם טייפעל, וואס מיינט פ א ר פ י ה ר ע ר אדער פ א ר ד א ר ב ע נ ע ר. אזוי ווי מע־פיסטאפעלעס ווייסט אז פאר דעם נאמען האט מען דא דרך ארץ. געברויכט ער איהם אלס א מיטעל פאר זיך און פאר פאוסט'ן א וועג צווישען דעם געדרענג דורכצוברעכען.

„אינקאגניטא" הייסט רייזען אונטער א פרעמדען נאמען.

104. איך בין דער שדכן און דו ביזט דער פרייער.

„פרייער" הייסט איינער וועלכער געהט זוכען א כלה.
איך צווייפעל אויב אין אידיש איז פאראן אזא ווארט.

105. מ ע פ י ס ט א פ ע ל ע ס (וועלכער ערשיינט מיט אמאל זעהר אלט).

מאנכע קאמענטאטארם באהויפטען אז מיט די פארשוינען: (גענעראל, מיניסטער, אויפגעקומענער און פארפאסער) האט געטהע געמיינט צו סאטיריזירען די באנאלע און קאנסערוואטיווע מיינונ־גען איבער פאליטיק און ליטעראטור, און מיט דעם וואס מעפיסטא־פעלעס ערשיינט מיט אמאל ז ע ה ר א ל ט וויל ער, געטהע, בא־ווייזען ווי אלט און אויסגעדראשען די דאזיגע מיינונגען זענען.

אנדערע ווידער באהויפטען: מיפיסטאפעלעס, זעהענדיג אז די ווידערשפרעכונגען האבען דערגרייכט דעם העכסטען פונקט, פיהלט ער אז די וויסענשאפט וועט מוזען זיגען, הייסט דאס אז ער שטייגט יעצט צום לעצטען מאל אויף דעם בראקען, ד. ה., ער איז שוין אלט, אויסגעשפיעלט איז מענשליכען אבערגלויבען, און אז ער מוז פארשווינדען, פאר דעם ליכט פון דער וויסענשאפט.

106. די אַלטוואַרג - מכשפה.

דאָס איז אַ סאַטירע אויף אַ געוויסען דייטשען אַנטיסעמיטען־הענדלער פּאַן מור.

107. אדם'ס ערשטע ווייב.

לויט אַ תּלמוד'ישער לעגענדע איז אדם'ס ערשטע ווייב געווען לילית, וועלכע איז מיט איהם אײנינעם באַשאַפען געוואָרן אַלס אַ צוזאַמענגעקלעפּטער צווילינג. זי האָט זיך אָבער אַבגעגעבען מיט שדים און מיט אדם'ן זיך געקריעגט. גאָט האָט זיי צעשיידט, אָבער לילית האָט זיך ווייטער אַבגעגעבען מיט שדים, און זי האָט אדם'ן איז גאַנצען פאַרלאָזען. גאָט, צוזעהענדיג אדם'ס צער, האָט ער פאַר איהם באַשאַפען חוה'ן.

לילית ווערט דערפאַר באַטראַכט אַלס די מאַמע פון די שדים, רוחות א. אז. וו. די לעגענדע דערצעהלט, אז לילית באַזיצט שעהנע באַצויבערנדע האָר, אין וועלכע עס רוהען רוחות, מיט וועלכע זי ציהט צו יונגע לייט און פאַריפהרט זיי דערנאָך אין שאול תחתיה.

דער נאָמען לילית ווערט צוערשט דערמאָנט אין ישעיה, ל"ד 14.

* * *

די ווערטער וועלכע פעהלען אין דעם ליעדעל וואו מעפיסטאָפעלעס טאַנצט מיט דער מכשפה, זענען צו גראָב זיי צו שרייבען. דער לעזער וועט דערפאַר מוזען אַליין טרעפען וואָס פאַר אַ ווערטער עס פעהלען.

108. פּראָקטאָפאַנטאַסמיסט.

דאָס איז אַ וואָרט פון געטהע'ן אַליין צענויפגעשטעלט, וואָס מיינט אַן אחור־גייסטער־זעהער.

דאָס איז אַ בייסענדע סאַטירע אויף געטהע'ס אַ באַריהמטען געגנער, ניקאָלאַי, וועלכער האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ מזיק אַ קענער אין אַלץ אויף דער וועלט, און וועלכער האָט אַבגעלאַכט פון געטהע'ן, באַהויפּטענדיג אַז ער וועט געטהע'ס נאָמען פון דער ערד אויסמעקען.

דער זעלבער ניקאלאי האט אויך חוזק געמאכט פון אלע גרעס־טע דענקער פון זיין צייט.

„די אלטע מיהל" איז א שפאט ווארט פאר ניקאלאי'ס „אלגע־מיינע דייטשע ביבליאטהעק".

טראצדעם האט דער ניקאלאי געשפיעלט א גרויסע ראלע, אבער נישט וועלענדיג אנערקענען די אויפשטייגענדע זשעניען, האט ער פון זיך אליין חוזק געמאכט.

109. מיר זענען קלוג, דאך איז פאר'כשופט טעגעל.

טעגעל איז א געוויסער פלאץ וואו די באריהמטע פאמיליע פאן הומבאלדט האט געוואוינט. דער זעלבער ניקאלאי האט דער־צעהלט, אז ער אליין האט דארט געזעהן גייסטער, און האט ארויסגע־רופען גרויס געלעכטער דערמיט וואס ער האט באהויפטעט, אז דאס בעסטע מיטעל געגען גייסטער, איז זיך צו שטעלען פיאוועקעס לעבען קרייץ פון הינטער־חלק. (פון דאנען נעמט זיך דער נאמען „פראקטאפאנטאסמיסט").

דער אויסרוף: „סטייטש! איך גלויב נישט אין גייסטער און זיי זענען דאך דא!" צייגט אויך אז אויף זיין חוצפה.

110. ארויסגעשפרונגען איז א מייזעל איהר א רויטס פון מויל.

אין מיטעלאלטער האט מען געגלויבט אז א מכשפה פלעגט זיך אלס רויט מייזעל אין א מענשען אריינכאפען, דעם מענשען מאר־טערן, און ווען זי פלעגט ארויסשפרינגען פלעגט דער מענש שטאר־בען. אין דעם פאל אבער צייגט זיך דאס מייזעל אלס פריינד.

* * *

די ערשיינונג פון מארגארעטע'ן געברויכט דא געטהע אלס א סימבאל פון פאוסט'ס ליעבע און בענקעניש. דאס רויטע שנירל ארום איהר האלז, וואס איז דין ווי די שארף פון א מעסער, איז אן אנדייטונג, וואס צייגט אז אויף מארגארעטע'ס פאראורטהיילונג צום טויט פאר דער'הרג'ענען איהר קינד, נאך דעם ווי זי איז משוגע געווארן.

111. האסט פון דער מעדוזע דאך געהערט.

די מעדוזע איז, לויט דער גריכישער מיטהאלאגי, געווען איינע פון די דריי גארגאנען שוועסטער, באריהמטע שעהנקייטען וועלכע האט געהאט זעלטען שעהנע האר. ארויפברענגענדיג אויף זיך דעם כעס פון מינערווא, (די געטין פון חכמה) האט זי איהר די האר פארוואנדעלט אין מיאוס'ע שלאנגען און איהרע אויגען געגעבען אזא צויבערקראפט, אז אויף וועמען זי האט א בליק געטהאן איז פארוואנדעלט געווארן אין א שטיין. דער גריכישער העלד פערזעוס, האט איהר דעם קאפ אבגעהאקט און איהם דערנאך געברויכט זיינע געגנער אין שטיין צו פערוואנדלען.

112. 'ס איז לוסטיג ווי אין פראטער.

דער פראטער איז א באריהמטער גארטען אין וויען, געבויט פון דעם קעניג יאזעף דער צווייטער, געווידמעט „צו דער מענשליכער ראסע".

113. סערוויבילים.

„סערוויבילים" איז א באדיענענדיגער גייסט. געטהע געברויכט איהם דא אלס א דיענער פון דעם טהעאטער.

געטהע לאכט אין איין וועגס אב פון די דילעטאנטען וועלכע פלעגען ארבייטען צו אכט און צו צעהן מיט אמאל אויף איין אקטערס.

114. וואלפורגיסנאכטס-טרוים.

די סצענע האט געטהע אריינגעפלאכטען ערשטענס, מעפיסטאפעלעס זאל האבען א געלעגענהייט אבצוציהען פאוסט'ס אויפמערקזאמקייט פון מארגארעטע'ן; צווייטענס, אבצולאכען פון מעהרערע געוויסע פערזאנען און אידעען, אין א וואונדערבארער עפיגראמאטישער פארם.

* * *

„אינטערמעצא" הייסט א צווישען שפיעל, אדער א קורצע קאמעדי וואס מען שפיעלט צווישען די אקטען פון א גרויסער דראמא.

אבעראן און טיטאניא זענען, לויט דער סקאנדינאווי־שער מיטהאלאגי, די הערשער איבער די לופט־גייסטער. יעצט פייערן זיי זייער גאלדענע חתונה.

עס קען אויך זיין אז געטהע האט מיט דער „חתונה" געמיינט דאס איבערבעטען זיך פון דער קלאסישער מיט דער ראמאנטישער שולע.

115. מיעדינגס ליעבע קינדער,

מיעדינג איז געווען דער טהעאטער־דירעקטאר פון דעם „ווייטאר טהעאטער", וואו געטהע איז געווען דירעקטאר, און זיינער, געטהע'ס א ליעבלינג. נאך זיין טויט האט איהם געטהע פארעביגט אין א געדיכט „מיעדינגס טויט".

116. פוק.

פוק איז א לוסטיגער גייסט וועלכער טהוט אב שפיצלעך.

דא באדייטעט ער דער גראבער געשמאק פון פאלק, וואס ליעבט נאר פאיאצקע שטיק.

117. אריאל.

אריאל איז א לופט־גייסט. דא רעפרעזענטירט ער פאעזי, דער ריינער עלעמענט, וועלכער, אונבאריהרט פון דער מאסע, בלייבט ליעבליך, אנציהענד פאר די שעהנע, די פאעטען, דורך זיינע אונשולדיגע ליעדער.

118. ארקעסטער טוטי.

ארקעסטער טוטי מיינט דאס ארקעסטער שפיעלט אינייגעם, מיט אמאל. מיט דעם „ארקעסטער" האט געטהע וואהרשיינליך געמיינט די שרייבערלעך און פאעטלעך, וועלכע, ווי א מחנה זשוקלעך פליהען ארום און זשומען אין די אויערן.

119. סאלא.

געטהע האט דא געמיינט א געוויסען דודעל־זאק (פייף־זאק) שפיעלער, אבער מען ווייסט נישט גענוי וועמען. דאס ווארט „שנע־

קעשניקעשנאק״ האט געטהע באשאפען אום צו באצייכענען דעם לאנגען אויסגעצויגענעם פאנפעוואטען טאן פון דעם אינסטרומענט.

120. גייסט וואס האלט ערשט אין ווערן.

דינצער, איינער פון די בעסטע „פאוסט״ אוטאריטעטען, דענקט אז געטהע האט געמיינט די פאעטלעך ווערכע, ניש וויסענדיג אז א געדיכט מוז קומען פליעסענדיג פון איננווייניג אלס אן אר־גאנישט גאנצקייט, קלייבען זיי און שטיקעווען צענויף גראמען, באשאפענדיג דערמיט מיסגעשטאלטען, פארזעהענישען, און ווילען נאך איינרעדען אז דאס זענען שעהנקייט־שעפפונגען.

121. א פארעלע.

דערזעלבער דינצער דענקט אז דאס „פארעלע״ איז די פארוי־ניגונג פון שלעכטער מוזיק און געוועהנליכע, אלטעגליכע פאעזי.

122. נייגיעריגער רייזענדער.

דאס איז דער זעלבער ניקאלאי, וועלכער איז שוין פריהער דער־מאנט, און וועלכער וואונדערט זיך כלומר׳שט צו זעהען אבעראן, די קלאסישע שולע, צווישען די איבריגע.

123. ארטאדאקס.

דא רעדט א געוויסע סעקטע פרומאקעס וועלכע האט אטא־קירט אזעלכע באריהמטהייטען ווי לעססינג, קלאפשטאק, געטהע א. אז. וו. אלס „געפעהרליכע״ אטהעאיסטען, און שיללער׳ס באַ־ריהמט געדיכט „די געטער גריכענלאנדס״, האבען זיי באצייכענט אלס „א שטיק חוצפה׳דיגע געצענדיענעריי און געוואגטער אטהע־איזמוס״.

124. נארדישער קינסטלער.

מאנכע דענקען אז דאס איז דער דענישער קינסטלער קארס־טענס, וועלכער איז געשטארבען אין רוים אין 1798. אנדערע וויע־

דער דענקען אז דאס איז פערנאוו, א שרייבער וועגען קונסט, וועל־
כער האט מיט קארסטענס'ן פארבראכט עטליכע יאהר אין רוים.
וויעדער אנדערע דענקען אז דאס איז געטהע אליין וועלכער האט
באריזט איטאליען.

## 125. פוריסט.

„פוריסט" איז איינער וועלכער רייניגט א שפראך. געטהע
מיינט דא, דענקט מען, דעם פילאלאג קאמפע, וועמען מען האט
גערופען „געפעהרליכע וואשפרוי" דורך זיין רייניגען און לייטערן
די דייטשע שפראך.

## 126. ווינד־פאהן.

דא ווערט געמיינט דער באראן שאלבערג, דער פיהרער פון דער
אויבען דערמאנטער ארטאדאקסישער סעקטע.

די סעקטאנטען זענען צוערשט געווען אזעלכע „באוואונדערער
פון דער נאטור" אז זיי זענען כמעט נאקעט ארומגעלאפען, דערנאך
זענען זיי געווארן ארטאדאקסיש־פרום. דערפאר איז איין זייט באַ־
וואונדערט די „פאהן" די יונגע נאקעטע מכשפות און די איבריגע
חברה, און פון דער אנדערער זייט ווינשט זי די ערד זאל זיך
עפענען און זיי אלע איינשלינגען.

## 127. קסעניען.

„קסעניען" הייסט מתנות וואס מען גיט א גאסט. אט די
מתנות האט דאס געטהע דערלאנגט זיינע „געסט".

די „קסעניען" זענען צוערשט ערשיענען אין דעם „מוזענאל־
מאנך", וואו געטהע האט אין עפיגראמאטישער פארם זיך אבגע־
רעכענט מיט זיינע געגנער. די „קסעניען" האבען, דורך זייער
שניידענדער שארפקייט, אזא שטורם אין דער וועלט אנגעמאכט, אז
מאנכע האבען באהויפטעט, אז דאס איז דעם טייפעל'ס ארבייט.

### 128. העננינגס.

דער דענישער קאמער־הערר פריעדריך פאן העננינגס, האט אין זיין ליטעראַרישען זשורנאל „זשעני פון דער צייט“, אנגעגריפען געטהע'ן און שיללער'ן, אז זיי האבען דורך זייער גראבקייט, פוסט־קייט, ארעמקייט אין געדאנקען א. אז. וו. פארשוועכט די מוזען.

אין די פאלגענדע צוויי עפיגראמען איז די אטאקע אויף דעם זעלבען. „מוזאגעט“ איז זיינער א זשורנאל, און „סי־דעוואן זשעני פון דער צייט“, ד. ה. געוועזענער זשעני פון דער צייט, ווייל זיין זשורנאל איז שוין געווען געשטארבען און באגראבען.

### 129. קראניך.

געטהע מיינט דא דעם באריהמטען פיזיאנאמיסט **לאוואַ־טער**, א פריינד פון לעססינג און משה מענדעלזאהן.

„לאוואטער“, האט געטהע אמאל געזאגט, „איז געווען א ווירק־ליך גוטער מענש, ער איז אבער געווען אונטערוואָרפען צו שטארקע טיישונגען, און דער .ווירקליכער גאנצער אמת האט איהם ניט אינ־טערעסירט; ער האט גענארט זיך און אנדערע. זיין גאנג איז געווען ווי דער פון א קראניך, דערפאר ערשיינט ער אויף דעם „בלאקס־בארג“ אלס דער „קראניך“.

### 130. וועלטקינד.

„וועלטקינד“ איז געטהע אליין. ער לאכט דא אב פון לאוואטער'ן מיט זיינע נאכפאלגערס. די „טענצער“ זענען די פילאזאפען, וועל־כע קומען אן מיט א געוואלדיגען טומעל, אבער עס לאזט זיך אויס מיט דעם קלאפען פון די פייגעל אין די וואסער־רעהרען.

אין „טאנצמייסטער“, איז אויך א קריטיק אויף פילאזאפען.

### 131. גוטער יונג.

אין דייטש איז דאס ווארט, וואס איך איבערזעץ אלס **גוטער יונג**, „פידעלער“, וואס מיינט א געטרייער אדער גוטער יונג. (פון

דעם פראנצויזישען ווארט „פידעל", געטריי). מאנכע מפרשים דענ־קען, אז דא מיינט מען גאר „פידעלער" — א פידלער, און אזוי ווי דא רעדט מען פון טאנצען איז נישט מעהר ווי רעכט אז עס זאל זיין א כלי־זמר; אי די חברה טאנצען נאך דעם דודעל־זאק? פאר־געסען דאס די קאמענטאטארס. דערפאר דענק איך אז נישט קיין כלי־זמר, נאר א געטרייער לאכט דא אב פון די לומפען וועלכע, צוליעב פערזענליכע קליינליכע אינטערעסען, וואלט איי־נער דעם צווייטען דער'הרג'עט.

## 132. דאגמאטיקער.

„דאגמאטיקער" הייסט איינער וועלכער האלט זיך אין דאגמא, אנגענומענע געזעצען אדער לעהרען.

## 133. אידעאליסט.

מען דענקט אז געטהע האט דא אבגעלאכט פון דעם פילאזאף פיכטע, וועלכער האט באהויפטעט: אז דער נישט איך אליין איז א פראדוקט פון דעם זעלבסט־באשטימען איך און נישט קיין עט וואס וואס עקזיסטירט אויסענווערטיג פון דעם איך, מיט אנדערע ווערטער, אז מען צעשפאלט מיר מיין קאפ, וויל איך — האט מען געמיינט מיך, וויל איך נישט — איז עס נישט איך.

* * *

דער „רעאליסט", זייענדיג צום ערשטען מאל אויף א ראמאנ־טיש־קלאסישער חתונה געפינט זיך „נאטירליך" נישט אויף קיין זיכערן באדען.

## 134. סופערנאטוראליסט.

דער „סופערנאטוראליסט", וועלכער גלויבט אין גייסטער, איז דא א היימישער מענש.

### 135. סקעפּטיקער.

„סקעפּטיקער“ הייסט א צווייפלער.

דער עפּיגראם שטעלט פאר א געוויסע קלאס. דער סקעפּטיקער פארגלייכט דעם סופערנאטוראליסט צו די אוצרות זוכער וועלכע, זעהענדיג פלעמלעך ארויסשיינענדיג פון דער ערד, גלויבען אז זיי זענען אויף דער שפּור פון גאלד, און אזוי ווי „צווייפעל“ גראמט זיך מיט „טייפעל“ איז דער סקעפּטיקער גאנץ היימיש אויף דעם „בלאקסבארג“.

### 136. די געשיקטע.

„די געשיקטע“ זענען פּאליטיקער וועלכע געהען ווי דער ווינד בלאזט, ד. ה., מענשען אהן פּרינציפּען.

א י ר ל י כ ט, א פלעמעל וואס באווייזט זיך אין זומפּיגע פּלעצער, באלד דא באלד דארט. דערפאר רופט מען דאס „אירליכט“, בלאנדזשענדיג-ליכט.

„די אירליכטער“ זענען אזעלכע מענשען וועלכע, אבוואהל פון ניעדריגען שטאנד און נאך קלענערן ווערטה, שפּיעלען דאך א גרויסע ראלע.

### 137. פליהענדער שטערן.

דאס איז איינער פון די יעניגע וועלכע זענען ארונטערגעפאלען פון זייער פיהרערישער גרויסקייט, אוןווארטען אויף הילף, טאמער וועלען זיי זיך ווידער אמאל קענען אויפהייבען צו זייער גדולה.

### 138. די שווערע.

דאס איז די ראמאנטישע שולע מיט איהרע איבערטרייבונגען.

* * *

ענדליך רופט אריאל צענויף די לופט-גייסטער, אוועקצושוועבען צום רויזענבארג און אלץ צעפליסט אין נעבעל.

### 139. טריעבער טאג.

די סצענע האט געטהע דיקטירט כמעט אין איין צוג, אין איין אטהעם. אין דער סצענע זעהט מען פאוסט'ן אזוי אויפגערעגט, אז אפילו מעפיסטאפעלעס דערשרעקט זיך פאר איהם.

איך דענק אז געטהע אליין איז ביי דער סצענע געווען אזוי אויפגערעגט, היגעריסען פון די ליידען פון דער אונגליקליכער מאר־גארעטע, אז ער האט, ביי זיין בעסטען ווילען, די סצענע נישט גע־קענט רוהיג בעארבייטען אין פערזען.

### 140. נאכט. אפען פעלד.

די סצענע איז א מין פארויסזאגונג וואס עס וועט ווייטער געשעהן.

„ראבענשטיין" איז אין אלטען דייטשלאנד געווען דאס הינ־ריכטונגס־פלאץ.

### 141. קערקער.

די סצענע דארף נישט קיין סך ערקלעהרונגען, דער לעזער דארף נאר לעזען אויפמערקזאם, אום צו פיהלען די קראפט פון געטהע'ס זשעני.

* * *

מיט דער סצענע ענדיגט זיך די „קליינע וועלט" פון אינדיווי־דועלער ליידענשאפט, פארלאנג, געפיהל, א. אז. וו. אבער הינטער דעם ליגט נאך די „גרויסע וועלט" וואו די אינטערעסען פון ליידענשאפט און פארלאנג, וועלכע נעהמען אן די פארם פון געזעל־שאפט, רעגיערונג, און די ענטוויקלונג פון דער מענשליכער ראסע, ווערן געזעצט אין באוועגונג, צו לעזען די פראגע פון פאוסט'ס שיקזאל.

### 142. מיין מאמע די הור.

דאס איז א פאלקסליעדעל, וואס איז ארויסגעוואקסען פון דעם פאלגענדעם מעשה'לע:

„דאס ווייב פון א רייכען מאן, שטעהענדיג אמאל אונטער א יאלאוועץ־בוים, ווינשט זיך צו האבען א קינד אזוי ווייס ווי שנעע און רויט ווי בלוט; און ביי אן אנדער געלעגענהייט, ווינשט זי זיך, ווען זי וועט שטארבען זאל מען זי באגראבען אונטער דעם יאלאַ־וועץ־בוים. א קורצע צייט שפעטער, ווערט א אינגעלע געבוירען, וואס איז אזוי ווייס ווי שנעע און רויט ווי בלוט; די מוטער, פון גרויס פרייד וואס איהר וואונש איז מקוים געווארן, שטארבט, און ווערט, לויט איהר וואונש, באערדיגט אונטער דעם יאלאוועץ־בוים. דער מאן האט נאך אמאל חתונה, און האט א טאכטער. דאס צווייטע ווייב, ווערט אייפערזיכטיג אויף דעם אינגעל, דער׳הרג׳עט איהם, און גיט איהם צום טיש אלס מאלצייט און ווערט נישט ווי־סענדיג אויפגעגעסען פון זיין אייגענעם טאטען. דער פאטער עסט אפ און ווארפט די ביינדלעך אונטערן טיש. דאס מיידעלע, וועלכע איז אויס מורא געווען דער מוטער׳ס ארויסהעלפערקע אין דער גרויזאמער טהאט, הייבט די ביינדעלעך אויף, בינד׳ט זיי צענויף אין א זיידען טיכעל און באגראבט זיי אונטער דעם יאלאוועץ־בוים. דער בוים הויבט געהיימניספול אן צו באוועגען די צווייגען, און א מין וואלקען שטייגט ארויס פון איהם, א פייער ערשיינט אין וואל־קען, און פון פייער קומט ארויס א שעהן פייגעלע, וואס פליהט ארום זינגענדיג דאס פאלגענדע ליעדעל:

מיין מאמע וואס מיך געקוילעט האט,<br>
מיין טאטע וואס מיך געגעסען האט,<br>
מיין שוועסטער די מארלענקען,<br>
געזוכט האט אלע מיינע ביינדעלעך,<br>
און זיי צונויפגעבונדען אין א זיידען טוך,<br>
זיי געלעגט אונטער דעם יאלאוועץ־בוים;<br>
קיוויט! קיוויט! אך וואס׳ער שעהן פויגעלע איך בין“.

דאס ליעדעל איז געשריבען אין פלאט־דייטש.

143. דאס האט געזאלט מיין האכצייטס־טאג זיין.

עס ווייזט אויס, אז אין דעם טאג האט פאוסט געזאלט חתונה האבען מיט מארגארעטע׳ן.

* * *

מיט מעפיסטאפעלעס'עס ווערטער צו פאוסט: „אהער צו מיר!" ווילען מאנכע אויסטייטשען אז מעפיסטאפעלעס האט שוין געזיעגט איבער פאוסט'ן, אבער דאס איז א גרויסער טעות. דער טייפעל וועט נאך לאנג שוויצען, צופריעדען צו שטעלען פאוסט, אז ער זאל קענען זאגען: „א בלייב, דו ביזט אזוי שעהן!" מעפיסטאפעלעס וויל איהם נאך נישט אבלאזען, טאמער וועט ער איהם דאך באזיעגען.

ענדע פון ערשטען טהייל.